# „יידישע אוניווערסאַל-ביבליאָטעק"

ליטעראַרישע לייטונג: שלמה שיינבערג

צווייטע סעריע:

# „אונזערע יידישע שרייבער"

צווייטער יאָרגאַנג

וואַרשע 1936

* *
*

דאָס רוב זאַכן אין דערדאָזיקער זאַמלונג זענען געשריבן געוואָרן אין טעמפּ פון דער צייטונגס־אַרבעט ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן. דאָס זענען פּרוּוון פון עסייען, אָפּשאַצונגען און זכרונות, גרופּירט כמעט אָן אַ סיסטעם און אָרדנונג. ביי אַ קלאַסיפיקאַציע וואָלטן זיי אָבער אַרויסגעקומען נאָך כאַאָטישער. זיי זענען גרופּירט אין דריי טיילן: אַוועקגעגאַנגענע שרייבער, איצטיקע שרייבער און טעאַטראַלן און יידישע מאָלער אין פּאַריז.

דאָס בוך קאָן אייגנטלעך באַצייכנט ווערן אַלס באַגעגענישן מיט יידישע שרייבער און קינסטלער, ווייל מיט גאָר קליינע אויסנאַמען האָט דער מחבר וועגן אַלע געשריבן אויפן סמך פון פערזענלעכע באַאָבאַכטונגען און זכרונות, וועגן מאַנכע פון זיי אין אַ סינטעז מיט זייער אַרט שאַפן.

אַ ריי שרייבער און קינסטלער אויף דער זייט און יענער זייט ים וועלן אַריין אין דער צווייטער זאַמלונג.

מ. ק.

# I

# מענדעלע און זיין עפּאָכע

## (צום הונדערטסטן געבוירן-טאָג פון מענדעלע מוכר-ספרים)

ס'איז איצט געוואָרן הונדערט יאָר זינט ס'איז געבוירן געוואָרן דער זיידע פון דער יידישער ליטעראַטור שלום יעקב אַבראַמאָוויטש, אָדער מענדעלע מוכר-ספרים, לויט זיין ליטעראַרישן פסעוודאָנים. זייער אַ וויכטיקע דאַטע אין דער יידישער קולטור-געשיכטע, ווייל מיט הונדערט יאָר צוריק איז דאָס יידישע לעבן נאָך געשטאַנען מיט ביידע פיס אין דעם געטאָ, איינגעהילט אין פינסטערניש, פאַנאַטיזם און אָפּגעשטאַנענקייט. פאַר די הונדערט יאָר האָבן מיר זיך אינגאַנצן אומגעביטן אין אַלע הינזיכטן (און נישט נאָר מיר, נאָר די גאַנצע וועלט). ווען איינער זאָל אַ שטייגער געווען אָפּגעשלאָפן די הונדערט יאָר און זאָל זיך איצט אויפכאַפּן, וואָלט ער אַבסאָלוט קיין זאַך נישט דערקענט און אים וואָלט אויסגעקומען ווי ער וואָלט אַריינגעפאַלן ערגעץ אין אַן אַנדערער וועלט, ערגעץ אויפן מאַרס אָדער אין אַ גאַנץ אַנדערן זונען-סיסטעם.

קוקן מיר זיך אום אויפן מהלך, וואָס דאָס יידישע פאָלק אַליין האָט דורכגעמאַכט פאַר דער צייט עקאָנאָמיש, געזעלשאַפטלעך, פּאָליטיש און קולטורעל, מוזן מיר קומען צום באַשלוס, אַז מיר זענען כמעט געוואָרן אַן אַנדער פאָלק. אַנדערש זענען אונזערע באַדערפענישן, השגות, אַרט לעבן און דענקען. אָן ספק איז די דאַטע פון 20-סטן דעצעמבער 1835, ווען עס איז געבוירן געוואָרן שלום יעקב אַבראַמאָוויטש, איינע פון די וויכטיקסטע אין אונזער קולטור-לעבן. ווייל מיטן נאָמען מענדעלע מוכר-ספרים האָט זיך אָנגעהויבן די תקופה פון אונזער קינסטלערישן וואָרט. מיטן דאָזיקן נאָמען האָט די יידישע ליטעראַטור אָנגעהויבן צו

עקזיסטירן אַלס גלייכבאַרעכטיקטע אין דער משפחה פון די קול·
טור·פעלקער. ביז מענדעלען זענען געווען אויף דער יידישער
שפראַך ביכער, וואָס האָבן מער אָדער ווייניקער באַפרידיקט דעם
ווייניק פאָדערנדיקן לייענער. מיט זיין אויפקומען האָט זיך אָנגע·
הויבן אַ יידישע ליטעראַטור.

ביז אים האָט מען געשריבן מעשה·ביכלעך פאַרן „פראָסטן
המון" און פאַר ווייבער, מען האָט פראָדוצירט לייען·מאַטעריאַל
מיט צי אָן אַ מוסר·השכל. מען האָט נאָכגעמאַכט אָדער געשריבן
אין סטיל פון פאָלקס·שרייבער, אָן פרעטענזיעס, אָן ליבע, אָן
גלויבן אין דער וויכטיקייט פונם בוך, אין זיין נויטיקייט, אין דער
גרויסער מיסיע, וואָס עס טראָגט מיט זיך. די השכלה·שרייבער
האָבן געהאַלטן פאַר אַן אומפאַרמיידלעך אומגליק, וואָס דאָס פאָלק
פאַרשטייט נישט קיין אַנדער שפראַך און מען מוז דערפאַר שרייבן
אויפן פאַרהאַסטן „זשאַרגאָן". מען האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ
צייטווייליקער זאַך, וואָס וועט באַלד אויפהערן, וועט אינגיכן אונ·
טערגיין. דעריבער האָט מען זיך דערמיט נישט אַזוי געצאַצקעט,
נישט אַכטונג געגעבן אויפן סטיל, אויף דער שפראַך און פאָרם,
אַראָפּגעמאַכט פון דער האַנט, אַבי פאַרענדיקט און – יוצא!
נישקשה, דער עם·הארץ און פראָסטאַק, אָדער די יידענע וועלן עס
פאַרדייען.

אַנדערש איז געווען מענדעלע. ווי אַן אמת·גרויסער קינסט·
לער איז ער אומבאַוווסטזיניק געוואָרן דאָס, וואָס ער איז. אָן שום
ליטעראַריש·קינסטלערישע כוונות, אָן חשבונות און אויסרעכענונ·
גען האָט ער אָנגעהויבן צו שאַפן זיינע ווערק. ער האָט נישט
גלאַט געשריבן און דערציילט מעשיות, נאָר האָט געשאַפן. ער איז
געווען דער ערשטער, וואָס האָט געשליפן זיין וואָרט און
אויסגעהאַמערט זיין אייגענעם מענדעלישן סטיל, זיין אייגנאַרטיקן
און איינציאַרטיקן נוסח. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט
בכלל אין יידיש געשאַפן אַ סטיל. ער האָט איבערגעלעבט, דורכ·
געפילט און דורכגעטראַכט זיינע ווערק. ער איז דער ערשטער
יידישער קינסטלעריש·סאָציאַלער שריפטשטעלער, וואָס האָט אויפ·

געבאַפּט די פּורעניותן פון זיין דור. ער האָט טיף אַריינגעבליקט אין די נעגאַטיווע טיפן און געשטאַלטן פון זיין דור. ער האָט דער ערשטער געשילדערט מיט אַ טיפער פאַרשטענדעניש און שאַרפן בליק די אַלע תקיפים, פּיאַווקעס, גאָט־סטריאַפּצעס און כּלומרשטע בעלי־טובות, וואָס האָבן געהערשט אינעם יידישן לעבן, געדריקט און געשטיקט די יידישע פאָלקס־מאַסן, וועלכע זענען געווען פאַר־חושכט און פאַרפינסטערט פון אומוויסנהייט, פאַנאַטיזם און קול־טורלאָזיקייט. מיט זיין שאַרפער סאַטירע האָט ער אויפגעדעקט אַלע וווּנדן פונעם דעמאָלטיקן יידישן לעבן.

שוין דאָס אַליין, דאָס אָוועקשטעלן אין זיין אמתער ליכט, וואַרפן די שיין אויף די נעגאַטיווע, שעדלעכע עלעמענטן, וואָס האָבן צעפרעסן דאָס דעמאָלטיקע יידישע לעבן — דאָס אַליין איז שוין אַ וויכטיקער סאָציאַלער און קולטורעלער אויפטו. מענדעלע האָט אָבער אַריינגעבלאָזן אין דעם דעם רוח־החיים פון קינסטלע־רישער האַרמאָניע; ער האָט אין זיינע ווערק אַריינגעלייגט דעם פונק פון אייביקייט און דערגרייכט דערצו, אַז פון אים הייבט זיך אָן די געשיכטע פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור.

ער האָט ביי אונז דער ערשטער דערזען די נאַטור, זי דער־פילט און באַשריבן. ביז אים האָט אַ ייד געזען בלויז די געטאָ־ווענט — דאָס בית־המדרש און, להבדיל, דעם מרחץ — צווישן וועלכע עס האָט זיך אין יענער צייט באַוועגט דאָס יידישע לעבן. דאָס זענען געווען די צוויי ערטער, ווו עס האָט זיך קאָנצענ־טרירט דאָס יידישע קהלשע לעבן, די כּלומרשטע געזעלשאַפטלעכ־קייט אונזערע. מענדעלע האָט אַרויסגעפירט דעם ייד מחוץ די ענגע שטעטלדיקע געסלעך, ער האָט פאַר אים אַנטפּלעקט די ברייטע שיינע און ליכטיקע וועלט — דאָס פעלד און דעם וואַלד, די גאַנצע רחבותדיקייט פון דער נאַטור און האָט צו אים אַ זאָג געטאָן: „נאַ, טו אַ קוק, זע, ווי ליכטיק עס שיינט די זון, הער ווי עס זינגען די פייגעלעך. אָטעם אַריין אין זיך די פרעכטיקע ריחות פון גראָז, בלומען און ביימער!" ער האָט אויף זיין אייגנאַרטיקער שפּראַך מיט זיין אָריגינעלן יידישלעכן סטיל און

מאַניער פונאַנדערגעוויקלט פאַרן ייד די גאַנצע פּראַכט פון דער נאַטור און געמאָלן מיט זיין קינסטלערישן פּענזעל, „ווי אַזוי די ביימער דאַווענען איינגעהילטע אין טליתים און די פייגעלעך זינגען שירה".

און תּיכּף האָט ער געשילדערט, ווי אַ קענגזאַץ דעם שמוץ און ענגשאַפט פון יידישן שטעטל. די קליינקעפּלדיקייט און רויבערישקייט פון די תּקיפים און קהלשע בעלי־טובות. ער איז זיי דערגאַנגען די יאָרן מיט זיין ביטערער סאַטירע אין זיינע ווערק, אַזוי, אַז ער האָט געמוזט אַ געררודפטער פאַרלאָזן בערדיטשעוו, וווּ ער האָט זיך געהאַט איינגעאָרדנט מיט זיין פאַמיליע. מען לייגט אים פאָר אַ ראַבינער־פּאָסטן אין זשיטאָמיר. ער ווערט אָבער אויסגעבראַקירט דורך די קהלשע פירער פאַר דער צו־ראַדיקאַלער פּראָבע־רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן.

בעת מענדעלע האָט אָנגעהויבן צו שרייבן יידיש האָט ער שוין געהאַט אַ גרויסן נאָמען אַלס העברעאישער שריפטשטעלער. ער האָט אָבער געפילט אין זיך אַ דראַנג צו זיין נוצלעך די יידישע פאָלקס־מאַסן, וואָס האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין אַנדערע שפּראַך. די ליבע צום פאָלקס־מענטש האָט אים געטריבן גובר צו זיין אין זיך די שעמעוודיקייט (ס'איז דעמאָלט פאַר אַן אינטעליגענט געווען אַ בזיון צו שרייבן אויפן פּשוטן „זשאַרגאָן") און ער האָט זיך געווידמעט דער יידישער ליטעראַטור.

אָנגעהויבן האָט ער מיטן ווילן צו פאַרשפּרייטן בילדונג און אויפקלערונג צווישן דעם פּשוטן המון. זיינע ערשטע העברעאישע ווערק טראָגן אַ ריין־משכּילישן כאַראַקטער און האָבן אַ קנאַפּן ליטעראַרישן ווערט. ער האָט אפילו איבערזעצט אין העברעאיש דעם „תּולדות הכּבע" פון לינץ. מיט זיינע יידישע ווערק האָט אין אים דערוואַכט דער קינסטלער, וואָס איז מיט יעדן נייעם ווערק אַלץ מער און מער געשטיגן. זיין מייסטערשאַפט האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער אַנטוויקלט און ער איז געוואָרן דער ערשטער שטיינלייגער פון דער יידישער קינסטלערישער ליטעראַטור.

נישט נאָר אַ ראַדיקאַל איז געווען מענדעלע, נאָר אַ רע־

וואָלוציאָנער. ער האָט זיין שאַרפע פען געווידמעט אויף צו באַ־קעמפן די פינסטערניש אינם יידישן לעבן; ער איז מיט זיין אומברחמנותדיקער סאַטירע אָרויסגעטרעטן קעגן די יידישע מאַכט־האַבערס, וואָס האָבן זיך ווי די פּיאַווקעס געהאַט איינגעזויגן אין די אָרימע, פאַרפינסטערטע און דערשלאָגענע פאָלקס־מאַסן. ער האָט זיך אויך נישט אָפּגעשטעלט פאַר די גרעסטע תּקיפים, די רוסישע ביוראָקראַטיע, וועלכע ער האָט אין אַ פאַרשטעלטער פאָרם אָנגעגריפן (פאַרשטייט זיך, בדרך משל). צוליב דער איבער־זעצונג פון „דער קליאַטשע", וואָס האָט זיך געדרוקט אינם רו־סיש־יידישן „וואָסכאָד", איז דער זשורנאַל אויף עטלעכע חדשים אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך דער מאַכט.

„דאָס קליינע מענטשעלע" און „ווינטש־פינגערל", „פישקע דער קרומער" און „מסעות בנימין השלישי", „די טאַקסע" און „די קליאַטשע", דער „ספר־הבהמות" און ענדלעך זיין לעצט אוי־טאָביאָגראַפיש ווערק „שלמה ר' חיימס", — אָט אין די אַלע הויפּט־ווערק פונם גרויסן וואָרט־מייסטער פון דער יידישער ליטעראַטור, פון איר באַשאַפער און ערשטן קינסטלער, זענען אומעטום געשיל־דערט און פאַרקערפערט גאַנצע שטיקער יידיש לעבן, טיפּן, גע־שטאַלטן און פיגורן. זיי שטעלן פאָר מיט זיך אַ בילדער־גאַלעריע פונם יידישן לעבן אינם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. נישט נאָר צום לייענען, נאָר צום שטודירן און זיך גרינטלעך באַקענען מיטן יידישן שטעטלשן לעבן אין יענע יאָרן קאָן מען באַנוצן די ווערק פון מענדעלע מוכר־ספרים. ער איז געווען דער עכטער רעאַליסטי־שער שילדערער, וואָס אַלץ האָט ביי אים באַקומען בלוט און פלייש און נאַטירלעכע פאַרב. מיט זיין שאַרף אויג האָט ער דורכגענומען אַלע דערשיינונגען, די אינעווייניקסטע ריבונגען און קאַמפן אינם יידישן לעבן און האָט זיי אין אַ קינסטלערישער באַאַרבעטונג, אין בולטע בילדער געלאָזט אַ ירושה אפילו פאַר די דורות, וואָס זע־נען שוין ווייט אַוועק פון יענער צייט, פאַר די, וואָס האָבן שוין אַנדערע אינטערעסן, אַנדערע פּערספּעקטיוון, אויסזיכטן און אויס־בליקן.

---

פאַר די־יעניקע, וואָס האָבן זוכה געווען אים צו קענען פערזענליך, האָט ער פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ גייסטרייכע, העכסט־אינטערעסאַנטע פערזענליכקייט, וואָס האָט תמיד געשפּרודלט מיט הומאָר, האָט צוגעצויגן און פאַראינטריגירט מיט זיין אַרטיסטיש׳ קענען איבערגעבן, דערציילן און פאָרשטעלן טיפּן און געשעענישן. זיינע מינדלעכע שאַפונגען זענען נישט אָפּגעשטאַנען פון זיינע שריפטלעכע. אָט דאָס קאַפּיטל „מענדעלע שבעל פּה" האָט שוין כמעט אַ גאַנצע ליטעראַטור.

# מענדעלע אין לעבן

## 1

עס'וווילט זיך גאָרנישט גלייבן, אַז עס איז שוין אַוועק אַ יאָר, און דאָרט, אין אָדעס, אין די גרויסע צימערן פון דער תּלמוד-תּורה-געביידע, אין דער דאַטשע אויפן גרויסן פאָנטאַן איז שוין מער נישטאָ דער זיידע.

שוין אַ גאַנץ יאָר אַוועק, ווי עס איז נישטאָ דער גרויסער דעמב פון אונזער ליטעראַרישן גאָרטן, נאָר זיין גייסט שוועבט נאָך אוודאי אַרום ווינטער אין זיין קאַבינעט, אויף דעכטיאַרנע גאַס אין אָדעס, אינם גרויסן צימער, וואָס איז אַרומגעשטעלט מיט אַלט-מאָדישע פּאָטעלן, ווו אויפן שרייבטיש ליגט דאָס אַ ביסל שוין פאַרשמאָלצענע תּנך (אַ ירושה פון גאָטלאָבערן) און דערלעבן ליגט אַ נומער פון העברעאישן „העם“, וואָס דער זיידע האָט אין שפּאַס געשטעלט דעם סגל אונטערן עין און אים גערופן „דעם העם“, און ווייטער אינם ספרים-שענקל שטייען פּינקטלעך אויסגעשטעלט פאַרשידענע אַלטע יידישע ספרים צוזאַמען מיט דעם זיידנס אַלע ווערק פון „מענדעלע-פאַרלאַג“, און אויף דער עטאַזשערקע ליגן אַ פּאָר ביכלעך פונם ווילנער „לעבן און וויסנשאַפט“ און אַ חבורל פון עפּעס אַן אַלטן רב, אַ נומער „יידישע וועלט“ און אַ יידישע דראַמע אויף רוסיש, ספּעציעל געשריבן און געווידמעט פון אַ פּראָווינציעלן אינטעליגענט דעם זיידן, און נאָך און נאָך ספרים, ביכלעך און זשורנאַלן, וואָס פלעגן אָנקומען דעם זיידן פון גאָר דער וועלט...

זומער אויפן „גרויסן פאָנטאַן“ (אַ דאַטשע-אָרט אין אָדעס), אינם נידעריקן הייזל מיט די קליינע צימערלעך — נאָר ווער דאַרף

דאָס הייזל מיט די צימערן, דער עיקר איז דער אַרומיקער גאָרטן, און דערלעבן איז דער ים און פעלדער, פעלדער אָן אַ שיעור, ווו מען קאָן אַרומגיין און ליגן און קוקן אויף די פייגעלעך, וואָס פליען אַרום אין הימל, און אויף די ווערימלעך, וואָס קריכן אַרום אויף דער ערד, אויף די זומער-פייגעלעך, וואָס שוועבן אַרום, אויף די חיהלעך, שרצים ורמשים, וואָס ווידמענען זיך, פרוכפערן און מערן זיך אויף דער שיינער, ליכטיקער, מיט זון באַגאָסענער ערד. און דער זיידע לעבט-מיט מיט דידאָזיקע אַלע ברואים, קאָן זיך איבער זיי נישט אָפּוווּנדערן און קוקט אויף יעדער זאַך מיט דער גרעסטער התפעלות: — אַ קליייניקייט עפּעס מעשי-בראשית — ווי ער וואָלט ערשט היינט דאָס ערשטע מאָל דערזען די גרויסע וועלט, ערשט נאָר-וואָס געבוירן געוואָרן. זעלטן-זעלטן, אַז ביי יידן זאָל מען אַזוי ליב האָבן די נאַטור, ווי דער זיידע האָט זי ליב געהאַט. די שטאָט איז דעם זיידן פרעמד געווען, ער האָט נישט געקאָנט שלום מאַכן מיט איר, אים האָט תּמיד געצויגן צום פעלד, צום לאַנד, צו די ביימער, גראָזן און גרינסן, ער האָט תּמיד גערעדט וועגן דעם און געבענקט נאָך דעם. אפילו ליגנדיק שוין אויפן טויטן-בעט, האָט ער געחלומט וועגן דעם קומענדיקן זומער, ווען ער וועט זיך ווידער אַרויסציִען אויף דער דאַטשע...

נישטאָ שוין דערדאָזיקער אַלטינקער, וואָס איז תּמיד געווען יום-טובדיק, האָט תּמיד געהאַט אַ סך צו דערציילן, ברענגען צו יעדער זאַך אַ פּאַסיקן משל, פאַרגלייך, און דערביי אויסדריקן די נויטיקע מימיק און זשעסטן, שאַפן לעבעדיקע טיפּן, ווי אַ טאַלאַנט-פולער אַרטיסט, אַמאָלן — און ריכטיק — דאָס בילד מיט אַ מינע: נאַט, זעט און קווועלט!

געזען האָב איך אים דאָס ערשטע מאָל מיט איבער פינף יאָר צוריק אין אַ רעדאַקציע פון אַ יידישער צייטונג אין אָדעס. דער זיידע איז אַריין שטאָלץ, מיט גיכע טריט, ווי אַן אַלטער גענע-ראַל אויף אַ „טמאָטר", האָט זיך מיט אַלעמען באַקענט און האָט באַלד אָנגעהויבן צו רעדן וועגן דעם, וואָס איז אַזוינס אַ צייטונג:

— מען יאָגט, מען פליט, נישטאָ קיין צייט, מען דאַרף יעדן טאָג געבן אַ פרישן נומער, דער קונה האָט קיין צייט נישט צו וואַרטן, ער וויל פון גאָרנישט נישט וויסן. אַמאָל, ווען מען פלעגט אָנהייבן אַרויסגעבן אַ בוך אָדער אַ זשורנאַל, זענען אַוועקגעגאַנגען חדשים, ביז מען האָט זיך צוגעגרייט, באַאַרבעט אָדער צונויפגעקליבן מאַטעריאַלן און קוים מיט צרות זוכה געווען צו דערזען עפּעס אַן אָפּגעדרוקט ווערק, איצט איז עס גאַנץ אַנדערש, אַלץ גייט מיט דאַמף, מיט פּאַרע, עס פליט...

און באַלד האָט שוין דער זיידע אַ משל:

— אַמאָל האָט מען זיך געשלעפּט פון איין שטאָט אין דער אַנדערער מיט פערד און וואָגן, מען איז אַריינגעקראָכן אין אַ בלאָטע און אַרויסגעקראָכן פון אַ בלאָטע, און אַזוי האָט מען זיך געשלעפּט גאַנצע טעג און וואָכן און אָפטמאָל חדשים, ביז מען איז געקומען אויף אָן אָרט. נאָכדעם זענען געוואָרן אייזנבאַנען. עס האָבן זיך אָנגעהויבן לויפן קוריער־צוגן, און אין עטלעכע טעג צייט פאָרט מען אויס אַ וועלט. איצט זענען שוין פאַרהאַן גאָר אַעראָפּלאַנען, מען זעצט זיך אַוועק און מען פליט...

אין אַ ווײַלע אַרום רעדט שוין דער זיידע וועגן דער שפּראַך־פראַגע:

— זיי זאָגן ליגנט, ס'איז נישט אמת, אַ שפּראַך קאָן נישט זיין קיין הייליקע. צי קאָן איך דען זאָגן, אַז מיין בגד, וואָס איך טראָג, איז הייליק אָדער נישט, אין דער צייט, ווען ער איז ביי מיר אַ לעבנס־פראַגע. איך מוז אים טראָגן און זיך באַווייזן אין אים פאַר מענטשן, איך קאָן זיך אָן אים נישט באַגיין.

דער זיידע רעדט גיך און הייס. מיר אַלע שטייען אַרום און הערן אויס מיט גרויס דרך־ארץ זיינע רייד. נאָר באַלד גיט ער זיך אַ כאַפּ, אַז ער שטערט אונז און מיר זענען אוודאי פאַרנומען. ער הייבט זיך אָן צו געזעגענען, עמעצער פון אונז טוט זיך אַ כאַפּ:

— דער זיידע איז אוודאי געקומען מיט אַ שטעקן?

דער זיידע וואַרפט אויף אים אַ שטרענגן בליק און טוט אַ זאָג:

— איך דאַרף נישט קיין שטעקענעס...

דער זיידע איז ביז מיט צוויי יאָר פאַר זיין טויט, ווען ער האָט באַקומען דעם ערשטן שלאַק, נישט געגאַנגען מיט קיין שטעקן, האָט אַ סך אַרומשפּאַצירט, האָט שאַרף און דייטלעך גערעדט און האָט זיך בכלל געהאַלטן אַ סך יינגער, ווי ער איז געווען. ער פלעגט אָפּט לאַכן פון די יונגע, וואָס קאָנען אים נישט נאָכגיין.

אין די ווינטערדיקע שבתים איז מען געקומען צום זיידן אינדערפרי. דער זיידע האָט זיך אַוועקגעזעצט איבנאָן ביי זיין שרייבטיש, און די באַזוכער אַרום אים, און דער ראש-המדברים, פאַרשטייט זיך, איז ער געווען. און וואָס צו רעדן און דערציילן האָט דער זיידע געהאַט גאַנצע פעק, אַ ים... ער דערציילט פאַרשידענע מעשיות, אַנעקדאָטן, זכרונות, אָט-דאָס, וואָס האָט פּאַסירט דאָ נישט לאַנג, מיט אַ יאָר זעכציק, זיבעציק צוריק... דערביי פאַרטראַכט זיך דער זיידע, פאַרקנייטשט זיין הויכן, קלוגן שטערן און דערמאַנט זיך בעת-מעשה נאָך אַ זאַך, וואָס האָט אויך דעמאָלט פּאַסירט, און אין דער מעשה פאַרפלעכט זיך שוין אַ דריטע, ביז דער זיידע שטעלט זיך פּלוצלינג אָפּ און טוט אַ פרעג ביי די אַרומיקע: „הא? איז ווו האַלטן מיר, וועגן וואָס האָבן מיר אָנגעהויבן?” עמעצער פון די אַרומיקע דערמאַנט אים, און דער זיידע צעלאַכט זיך הויך אויף אַ קול: „אָווא, ווו איך בין פאַרקראָכן”...

געווען איז ער אַ גרויסער בעל-חלומות, האָט זיך תמיד אַרומגעטראָגן מיט גרויסע פּראָיעקטן און פּלענער, אַמאָל האָט דער זיידע אַ סך גערעדט וועגן אַרויסגעבן אַ גרויסן זשורנאַל, אַרום וועלכן מען דאַרף זען אַרומצוקלויבן אַלע יונגע און דרייסטע, וואָס מען פאַרשטויסט זיי פון דער יידישער ליטעראַטור. מיר דאַרפן טאַלאַנטפולע מענטשן, וואָס זאָלן שאַפן אַ ליטעראַטור און זאָגן אַ דרייסט וואָרט, נישט באַהאַלטן זיך מיט אַ מיינונג און אַ געדאַנק. ביי אונז איז אַלץ געוואָרן משפּחהדיק. „ביסטו פון מיין חדר, ביסטו אַ ליטעראַט, אויב נישט, — גיי זיך דיר”... „מען דאַרף

רייניקן דעם ליטעראַרישן גאָרטן, אַרויסוואַרפן די פסולת און דער־נער, אויפציען אַלץ, וואָס איז פריש און בליִענדיק"...

דער זיידע האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער צעהיצט וועגן דעם און זיך שטאַרק פאַרטיפט אינם דאָזיקן ענין. דערביי איז גע־זעסן דוד פרישמאַן, וועלכער האָט זיך אויך געלאָזט מיטרייסן פון דער דאָזיקער זאַך, וואָס האָט אין יענער צייט (דאָס איז געווען פאַר דער רוסלענדישער רעוואָלוציע) געקלונגען, ווי אַ פאַנטאַזיע. אַ לאַנגע צייט זענען זיי ביידע געזעסן און געמאַכט פּלענער וועגן דעם דאָזיקן גרויסן זשורנאַל, וואָס מוז געשאַפן ווערן... און ביים געזעגענען זיך איז דער זיידע געווען שטאַרק צופרידן פונם פּלאַן, און האָט גערעדט וועגן דעם, ווי וועגן אַ באַשטימטער זאַך.

אַמאָל האָט דער זיידע געמאַכט אַ פּלאַן צו קויפן ערגעץ ביים ים אַ שטיקל ערד, אויסבויען דאָרט אַ הויז, ווו ער זאָל וווינען, אויך זאָל דאָרט זיין אַן אָרט פאַר יידישע שרייבער. וועט עמעצער זיך וועלן דאָרט באַזעצן, זאָל ער זיצן און אַרבעטן, ער וועט מיט אַלץ זיין פאַרזאָרגט און וועט קאָנען לעבן רויִק. דער זיידע האָט שוין געהאַט געבעטן, מען זאָל אים צושיקן אַ צייכע־נער, וועלכער האָט געמאַכט דעם פּלאַן פון הויז מיט אַ ביבליאָ־טעק, אַ לעזע־זאַל און אַלץ, וואָס נויטיק איז, נאָר דער זיידע האָט געשטעלט אַ באַדינג: אַרום הויז מוז, למען־השם, זיין אַ גאָרטן...

דער געצייכנטער פּלאַן פון דעם דאָזיקער „ליטעראַטן־היים" מוז זיך נאָך איצט געפינען ביי עמעצן אין אָדעס.

דער זיידע האָט זיך אין דער לעצטער צייט געהאַט אַרומ־געטראָגן מיט אַ פּלאַן וועגן אָנשרייבן אַ גרויסע דראַמע, וועלכע ער האָט פאַרטראַכט. באַאַרבעטן די דראַמע האָט אים צוגעזאָגט מיטצוהעלפן אַ יידישער דראַמאַטורג. ער האָט זיך אָבער גע־קלאָגט, אַז יענער האָט קיין וואָרט נישט געהאַלטן. דער דאָזיקער דראַמאַטורג זאָל האָבן וועגן דער דראַמע דערציילט מאַקסים גאָר־קין, וועלכן דער געדאַנק איז זייער געפעלן געוואָרן.

## 2

מענדעלע האָט די לעצטע 35 יאָר געלעבט אין אָדעס, און מען קאָן זאָגן, אַז דאָס איז געווען אַ שטיק טראַגעדיע פון זיין לעבן. אָדעס מיט איר צווייהונדערט-טויזנטדיקער יידישער באַפעלקערונג, וואָס צייכנט זיך אויס מיט דער הפקרות, לייכטזיניקייט און עם-הארצות, מיטן באַרימטן אָדעסער „קוגל-רוסיש" און אומגעלומפערטקייט, — האָט ער, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט לעבן אין גרויס נחת אין דערדאָזיקער שטאָט. פיל מאָל איז מענדעלעס מקורבים אויסגעקומען צו הערן פון אים וועגן זיין נישט-צופרידנקייט מיט אָדעס. אַמאָל, אויף אַ באַנקעט פון אַ יידישן שריפטשטעלער, האָט דער זיידע געזאָגט, אַז אָדעס קאָן גוט באַגראָבן, ווייל בעת עס שטאַרבט דאָרט אַ יידישער שריפטשטעלער, קומט אים באַגלייטן אַ גרויסער עולם, נאָר בעת דער שריפטשטעלער לעבט און שאַפט, קען אים אין אָדעס קיינער נישט...

אַמאָל, אין סוף פון יאָר 1916, זענען זיך ביי דעם זיידן צוזאַמענגעקומען אויף אַ באַראַטונג ביאַליק, פרישמאַן, ראַווניצקי און ספעקטאָר, צוזאַמען מיט יונגע יידישע ליטעראַטן, כדי צו געפינען אַן עצה פאַר די יונגע, וועלכע האָבן זיך אין יענער צייט געפונען אין אַ שרעקלעכער לאַגע...

איינער פון די יונגע האָט אָנגעהויבן „אויסצורעדן דאָס האַרץ", האָט דערציילט וועגן דער טרויעריקער לאַגע, אין וועלכער די יונגע געפינען זיך, האָט אָנגעוויזן, ווי אָפגעריסן זיי זענען פון נאָענטע און אייגענע און אַז עס איז נישטאָ פון וועמען צו דערוואַרטן קיין הילף, האָט מען באַשלאָסן זיך צו ווענדן צו אונזערע רביים, צו די עלטערע שריפטשטעלער. דער זיידע האָט זיך דעמאָלט אויפגעהויבן און האָט מיט גרויס צער גערעדט וועגן דעם, אַז וואָס, מ'שטיינס געזאָגט, פאַר אַ ראָלע שפילט אַ יידי-

שער שריפטשטעלער אין אָדעס. און אַ סך טרויעריקע זאַכן האָט ער דערציילט וועגן דערדאָזיקער ראָלע...

די לעצטע צייט פאַר זיין טויט האָט דער זיידע גערעדט וועגן דעם, אַז ער פאָרט צוריק איבער קיין בערדיטשעוו, פון וואַנען די דאָרטיקע רעדלפירער האָבן אים פאַרטריבן מיט עטלעכע און דרייסיק יאָר צוריק פאַר זיינע ביכער, אין וועלכע זיי האָבן דערזען זייער אמת פנים...

* *

*

די יידישע שריפטשטעלער אין אָדעס בראש מיטן זיידן האָבן געבילדעט אַ מין אַאזיס אויף דער גרויסער וויסטעניש פונם אָדעסער יידישן לעבן. יעדערער האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב אים צו באַזוכן.

זיצט אַמאָל דער זיידע אין זיין סביבה און דערציילט וועגן אַ פאַרצייטיקן רב, וואָס האָט געדאַרפט גיין אין געריכט זאָגן עדות. איז וואָס טוט מען מיטן היטל? בגלוי ראש! איז ער זיך מיישב און טוט אָן אַ טיכל אויפן קאָפּ, כלומרשט פאַרבונדן די ציין, נאָר דער גאַנצער קאָפּ איז פאַרדעקט. דער זיידע נעמט דאָ באַלד אויפן אָרט אַרויס אַ טיכל פון קעשענע, טוט עס אָן אויפן קאָפּ און מאַכט נאָך ווי יענער האָט גערעדט און:

— „האַ, ווי געפעלט אייך?"...

הייבט מען אָן צו רעדן וועגן גנבים, האָט אויך דער זיידע צו דערציילן פעק מיט מעשיות. האָט אַמאָל אין בערדיטשעוו דער „רבי" פון די גנבים חתונה געמאַכט אַ טאָכטער. האָט ער, פאַרשטייט זיך, גענומען דעם סאַמע „לייטישן" גנב, און כדי צו וויסן, אויב ער וועט קאָנען פאַרזאָרגן דעם „רבי'ס" טאָכטער מיט ברויט, טוט צו דער חופה-וויעטשערע אַ זאָג דער שווער צום איידעם: „אַנו, אפשר וועסטו מכבד זיין די געסט מיט טיי?" אין אַ האַלבער שעה אַרום, דערציילט דער זיידע, זענען אויפן טיש געשטאַנען אַרום אַ טוץ סאַמאָוואַרן, וואָס דער געראָטענער איידעם האָט

צוזאַמענגעשלעפּט פון די אַרומיקע גאַסן. אַנדערע האָט ער געבראַכט הייסע, קאָכעדיקע, ערשט צוגענומען בײַ די שווענן, ווי מען האָט זיי געהאַט אויפגעשטעלט... און חוץ דעם האָט ער נאָך געבראַכט צום פאַרבײַסן אויך...

און נאָך אַ מעשה:

„בײַנאַכט האָבן גנבים אָפּגערײַניקט אַ בוידעם מיט וועש. האָבן זיי אין אײַלעניש איבערגעלאָזט דאָרט די שיך. קומט אויף מאָרגן דער „רבי" זײַערער צו דער באַנבעטער באַלעבאָסטע און בעט בײַ איר די שליסלען פונם בוידעם. „אויף וואָס דאַרפט איר די שליסלען פונם בוידעם?" וווּנדערט זיך די באַלעבאָסטע. „די קינדער האָבן די נאַכט געאַרבעט אויפן בוידעם, — האָבן זיי דאָרטן פאַרגעסן זײַערע שיכלעך" — ענטפערט דער „רבי".

אַמאָל רעדט מען וועגן אַ יונגן שריפטשטעלער, אַן אויטאָדידאַקט, וואָס שטאַמט פון די יידישע קאָלאָניעס. דערציילט דער זיידע, ווי אַזוי יענער איז צו אים געקומען צום ערשטן מאָל:

— „איך גיי אַרויס פון שטוב, ערשט אין קאָרידאָר שטייט אַ הויכער, געזונטער יונג מיט ברייטע פּלייצעס און אַ פּאָר געזונטע שטיוול. „איר זענט מענדעלע מוכר־ספרים?" פרעגט ער מיט אַ גראָב קול. איך טו אַ קוק אויף אים, מעסט אים אָפּ מיט די אויגן פון אויבן אַראָפּ און ענטפער: „און אז יאָ, איז וואָס?" „איך האָב אייך צו לייענען מײַנס אַ כתב־יד, ווען קאָן איך צו אייך אַרײַנגיין?" „אויב איר ווילט — שוין", זאָג איך, און מיר קערן זיך באַלד אום צוריק אין שטוב אַרײַן. איך הייס זיך אים זעצן און זאָג אים: „נו, איך האָב צוגעגייגט מײַן אויער און בין גרייט אייך אויסצוהערן". דער יונגערמאַן הייבט מיר אָן צו לייענען אַ מעשה מיט אַ דאַך און מיט פייגעלעך, איך טו אים אַ פרעג: „איר האָט ווען־עס־איז געזען פייגעלעך?" „יאָ", ענטפערט ער. „איך הער, זאָג איך, אַז איר האָט די פייגעלעך געזען. נו, וואָס האָט איר עפּעס נאָך?" ער שלעפּט אַרויס פון בוזעם־קעשענע אַ נײַע מעשה און לייענט ווייטער. „נו, דאָס — זאָג איך — האָט איר שוין נישט געזען, זײַט מוחל און צערײַסט עס"...

און עס גייט אַיועק אַ רייע מעשיות פון יונגעלייט, בחורים, מיידלעך, וואָס קומען צום זיידן לייענען אים זייערס און נודיען, אַז עס איז שווער פון זיי זיך אָפּצוטשעפּען...

— אָט דאָ נישט לאַנג — דערציילט ווייטער דער זיידע — קומט צו מיר אַריין אַ בחור און לייענט מיר לידער, מעשיות, דערציילונגען און וואָס נאָר איר ווילט. „וואָס האָט איר געטון, יונגערמאַן, — טו איך אים אַ פרעג — ביז איר האָט זיך גענומען פאַרן שרייבן?" „איך בין געווען אַ שניידער". „מיר דוכט, — ענטפער איך אים — אַז (און רוף דערביי אָן נעמען פון עטלעכע רייכע שניידער אין אָדעס) „זיי לעבט זיך גאָרנישט שלעכט. כ׳לעבן, אַ סך בעסער, ווי יידישע ליטעראַטן. אפשר וואָלט געווען אַ פּלאַן איר זאָלט בלייבן ביי אייער מלאכה, צו וועלכער איר האָט, מיין איך, מער טאַלאַנט?"

ס׳איז באַוווסט, אַז דער זיידע האָט געהאַט אַ זעלטן שיין כתב, די אותיות זענען געווען ממש געפּערלט, קליינע אותיותלעך, וואָס האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ גלייכער רייע און זענען געווען קלאָר און דייטלעך. „יעדער ליטעראַט — האָט דער זיידע אַמאָל געזאָגט — איז מחויב צו האָבן אַ ריין און קלאָר כתב. די יעניקע, וואָס האָבן נישט קיין קלאָר כתב, זענען מחויב צו גיין זיך לערנען קאַליגראַפיע, וואָרים עס איז פשוט אַ פאַרברעך צו מוטשען מענטשן מיט אַ שלעכט כתב"...

אין לעבן איז דער זיידע געווען נישט קיין קלענערער קינסטלער, איידער אין דער ליטעראַטור. אין זיין יעדן געשפּרעך, אין זיין יעדער דערציילונג און משל איז געווען אַ שטיק שאַפונג. פון זיינע געשפּרעכן קאָן מען אָנשרייבן ביכער, וועלכע וואָלטן אוודאי געהאַט אַ קינסטלעריש-ליטעראַרישן ווערט און וואָלטן אַנטדעקט און קלאָרער געמאַכט די גרויסע קינסטלערישע און רייכע פערזענלעכקייט פונם זיידן פון דער יידישער ליטעראַטור.

1918

## 3

דער טאָג איז אַ שײנער, די זון שײנט און װאַרעמט. עס דאַכט זיך, אַז נישט האַרבסט איז איצט, נאָר אַרום פאַר-פסח, פרילינג. אָט באַלד װעלן די בײמער צוריק אָנהײבן בליִען. די ערד װעט זיך מיט גרינס באַדעקן, די נאַטור װעט זיך באַנײען, און דער זומער װעט זיך דערנענטערן...

דער זײדע איז שטאַרק קראַנק. איצט איז ער געפּערלעך, נאָר אין יענעם טאָג, װען איך בין בײ אים געװען דאָס לעצטע מאָל, האָט ער נאָך דערקענט מענטשן און גערעדט.

אָט דערדאָזיקער ליבער אַלטינקער איז נאָך מיט קנאַפּע צװײ יאָר צוריק געגאַנגען מיט אַ הױך-אױפגעהױבענעם קאָפּ, שטאָלץ, אָן אַ שטעקן. געלאַכט האָט ער דעמאָלט פון די יונגע, װאָס קאָנען אים נישט נאָכגײן. פאַר דער לעצטער צײט האָט ער זיך שטאַרק פאַרענדערט. פאַר צװײ יאָר װינטער האָט ער באַקו־מען אַ שלאַק, איז קראַנק געװען און פון דעמאָלט אָן װערט אים אַלץ ערגער. די לעצטע פאַר װאָכן האָט זיך זײן געזונט-צושטאַנד אױף אַזױ פיל פאַרערגערט, אַז ער האָט געמוזט אַװעק אין שפּיטאָל.

איך זיץ בײ זײן בעט. דער זײדע האַלט אײן אױג פאַר־מאַכט און דערצײלט װעגן זײַנע געדאַנקען און איבערלעבונגען. דער זײדע איז תמיד געװען די צענטראַלע פיגור אין דער ײדי־שער ליטעראַרישער װעלט און דעריבער פאַרדריסט אים, װאָס אַ געװיסער צװײג פון אונזער ליטעראַטור איז געװאָרן אַן ענין פאַר מעצענאַטן, װאָס לײגן אַרױף זײער האַנט אױף דער ליטע־ראַטור, דעם שטעמפּל פון פילאַנטראָפּיע.

— „קינסטלעך — זאָגט דער זײדע — קאָן מען קײן ליטע־ראַטור ניעט שאַפן, די ליטעראַטור מוז אױסװאַקסן אָרגאַניש. מיט קײן רעצעפּטן װעט מען נישט העלפן און נישט בױען".

און דער זיידע גיט אַן אייגנאַרטיקן משל:

— אַ קראַנקער, וואָס דאָקטוירים פאַראָרדענען אים, ער זאָל שוויצן. וואָס טוט מען אָבער, אַז ער שוויצט נישט? פירט מען אים אין מרחץ אויף דער אייבערשטער באַנק און דעמאָלט שוויצט ער, אָבער צי איז דאָס נאָרמאַל? צי דאָס מיינען די דאָקטוירים?...

— מען דאַרף קענען דאָס לעבן, מען דאַרף קענען די נאַטור. ביי אונז איז מען ווייט סיי פון דעם, סיי פון יענעם. לאָמיך, למשל, נעמען באַשרייבן אַ שיין-געדעקטן טיש, אַז איך האָב אים אין מיין לעבן נישט געזען...

— איך האָב געשריבן מיין אויטאָביאָגראַפיע „שלמה רב חיימס". ס'איז מיר זייער שווער אָנגעקומען, ווייל ס'איז שווער צו שרייבן וועגן איין מענטש, וועגן זיך.

און באַלד גייט דער זיידע איבער צו אונזער געזעלשאַפטלעך לעבן און צו דער אָפּגעשטאַנענקייט, וואָס הערשט ביי אונז:

— איך ליג אָפט ביינאַכט און טראַכט וועגן דעם אַלעמען. איך רוף צו דעם מענטש, וואָס שלאָפט ביי מיר אין צימער, און בעט אים: „העלפט מיר אַרויסרוימען אָט די אַלע שמאַטעס, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט. ס'איז מיר ענג פון דעם אַלעמען. העלפט בויען דעם היכל פון קונסט, דעם אמתן קונסט-היכל". ער פאַרשטייט מיך נישט און מיינט, אַז איך בין אַ פאַנטאַזיאָר

— מיר איז זייער שווער צו רעדן וועגן דעם, איך רעג מיך אויף און עס טוט ווי דאָס האַרץ...

— מיט עטלעכע וואָכן צוריק איז מען מיך געקומען איינלאַדן אַלס ערן-גאַסט צום יובילײ פון „בונד". איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך בין נישט קיין גאַסט ביי דער יידישער דעמאָקראַטיע, נאָר אַ מחותן. געזאָגט האָב איך דאָס דערפאַר, ווייל ביי זיי, ביי דער ציוניסטישער קאָמפּאַניע, האָט מען אונז, יידישע שרייבער, פאַרגעוואָרפן, אַז מיר זענען עם-הארצים פון שלום-אש-קאָמפּאַניע. האָב איך געהייסן איבערגעבן אַ גרוס פונם גרעסטן עם-הארץ, וואָס שרייבט יידיש. מען איז שוין דערפאַר אַרויסגעטרעטן

קעגן מיר אין דער העברעאישער פרעסע, נאָר איך אינטערעסיר זיך אפילו נישט מיט דעם...

דער זיידע איז אַ שטאַרקער ליבהאָבער פון דער נאַטור. שוין אין משך פון 35 יאָר, זינט דער זיידע וווינט אין אָדעס, האָט ער נאָך כמעט איין זומער נישט פאַרפעלט צו וווינען אויף אַ דאַטשע. ביי אים איז די דאַטשע אַ שטיק פון זיין לעבן, פון זיין „איך". דאָרט רוט ער זיך אָפּ, פילט דעם אמתן טעם פון דער נאַטור. יעדעס בלימעלע, יעדעס ביימעלע און גרעזעלע איז אים ליב און טייער, און ער קאָן וועגן דעם דערציילן אָן אַ שיעור. די שטאָט האָט ער נישט ליב און זיך געפינענדיק אין איר, רעדט ער תמיד וועגן דער דאַטשע און וועגן זומער.

אויך דאָס מאָל האָט דער זיידע גערעדט וועגן דער דאַטשע בעת ער האָט זיך פון מיר דערוווּסט, אַז אינדרויסן איז אַ שיין וועטער און די זון שיינט, האָט ער גענומען רעדן מיט אַ באַזונדערער בענקשאַפט וועגן דעם, אַז ער וואָלט שוין וועלן אַראָפּגיין פון בעט, דערוואַרטן זיך דעם זומער און אַרויספאָרן אויף דאַטשע.

ביים געזעגענען זיך זאָגט מיר אָן דער זיידע, איך זאָל, למען-השם, אַריינקוקן אין דער ענציקלאָפּעדיע און זען, ווי האָט געהייסן דער ייִד, וואָס איז געווען שטאַרק באַפריינדעט מיט ביסמאַרקן, ווייל ער דאַרף דאָס האָבן צו זיין דראַמע...

1917

# דעם ייִדנס לעצטע טעג

(צו זיין אכטן יאָרצייט)

די שטראַלן פון דער האַרבסט-זון האָבן אַריינגעבליקט דורכן פענסטער פונם יידישן שפּיטאָל אויף דער מאָלדאַוואַנקע און זענען געפאַלן אויפן ווייסן בעט, וווּ עס האָט זיך דערשפּונען דער לעצטער ברעג פאָדעם פון אַ פרוכטבאַר און לאַנג לעבן.

נאָר שאַ, שטיל... דער „זיידע" באַוועגט זיך. זיין בלאַס לענגלעך פּנים קערט זיך אום צו דער טיר, דורך וועלכער מיר זענען נאָר-וואָס אַריינגעקומען, זיינע אויגן טאַפּן די לופט מיט אַ פראַגע-צייכן און ענדלעך זאָגט ער אַרויס שוואַך:

„האַ, פעסעלע (זיין פרוי), דו?"

און אין אַ ווײַלע אַרום רעדט ער שוין (דער „זיידע" האָט תמיד ליב געהאַט צו רעדן), און זיין שטים ווערט שטאַרקער און מוטיקער:

„אויף דער גאַס איז ליכטיק, האַ? ס'איז וואַרעם, נאָך נישט קאַלט? איך האָב דאָך אַזוי ליב דעם דרויסן, די גאַס, די זון, שפּאַצירן... די נאַטור. איצט מוז איך ליגן דאָ אין שפּיטאָל. נמאס. שוין בכלל נמאס געוואָרן אָדעס. גענוג דאָ זיצן. 33 יאָר. מיך ציט קיין בערדיטשעוו. כ'וועל נאָר אַרויס פון דאַנען, נעם איך מיין פאַמיליע און באַזעץ זיך צוריק דאָרטן. ס'איז עפּעס פרייליכער. מען איז נישט אַזוי עלנט, ווי דאָ, אין דעם גרויסן אָדעס. דאָרטן, אין בערדיטשעוו, וועל איך מיר אויסבויען מיין הויז, פאַרפלאַנצן אַ גערטעלע. איך האָב זייער ליב אַ גערטעלע אַרום הויז. מען עפנט אינדערפרי די פענסטער, און אַלערליי ריחות שלאָגן דיר אַנטקעגן גלייך אין דער נאָז אַריין... און פיי-

געלעך זינגען... און איך וועל זיך ווידער נעמען צו דער אַרבעט. איך וועל אָנשרייבן אַ גרויסע דראַמע, וואָס איך האָב פאַרטראַכט. זייער אַן אינטערעסאַנטע. איינער פון די יידישע ליטעראַטן האָט וועגן דעם „דערציילט מאַקסים גאָרקין און אים איז דאָס זייער געפעלן געווען"...

און נאָך און נאָך האָט פאַנטאַזירט אָט דער שיינער שלאָג-קער אַלטינקער, וואָס איז שוין געשטאַנען ביים בּרעג פונם לעבן. זיין פאַנטאַזיע האָט אים געמאָלן צויבּער-בּילדער. דער גייסט איז געפלויגן העט ווייט, ווייט... און דער קערפּער איז אויף העלפט געווען פּאַראַליזירט, געשמידט צום בּעט, פון וועלכן מען גייט שוין נישט אַראָפּ.

שוין העכער אַ יאָר, ווי ער האָט באַקומען דעם „ערשטן אָנזאָג", דעם שלאָג, וואָס האָט פלוצלינג אַ בּייג געטון די הויכע שטאָלצע פיגור, עטוואָס פאַרפלאָנטערט דאָס מויל, וואָס האָט תמיד געפּערלט מיט חכמה און שאַרפזין. ער האָט אָבער נישט נאָכגע-געבן, און זיין רייכע פאַנטאַזיע האָט אָן אויפהער געאַרבּעט און איז געווען באַוועגלעך ווי תמיד. דאָס גרייז-גרויע קינד איז זיך געבּליבּן געטריי און האָט זיך נישט גערעכנט מיטן שרעקלעכן אומפאַרמיידלעכן, וואָס דערנענטערט זיך צו אים... ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט פּלענער, חלומות, האָפענונגען, און אויף קיין מינוט נישט צוגעלאָזט דעם געדאַנק וועגן נאָענטן סוף...

---

דעם 20-סטן דעצעמבּער פּלעגט מען פייערן זיין געבּוירנ-טאָג. פון יאָר-צו-יאָר איז מען זיך נוהג געווען, אַז זיינע מקורבים און אייגענע זאָלן זיצן און פאַרבּרענגען מיט איר כמעט ביז פאַר-טאָג. דער לעבּנסלוסטיקער מרדכי ספּעקטאָר פלעגט ערשט נאָך האַלבּער נאַכט מכבד זיין מיט זיין קוגל, וואָס איז ספּעציעל צו-געגרייט געווען לכבוד דעם „יידנס" געבּוירנטאָג. און נאָכדעם האָט זיך ערשט אָנגעהויבּן די רעכטע שמחה מיט געשפּרעכן,

מעשהלעך און ווערטלעך, ווי דער ראש-המדברים איז תמיד געווען דער „זיידע", וואָס איז פון אַלעמען אַרומגערינגלט געווען מיט ליבע און זאָרגפעלטיקייט.

נאָר דער 20-סטער דעצעמבער 1916 איז שוין געווען אַן אויסנאַם. דער „זיידע" האָט זיך געפילט נישט אַמבעסטן, און שוין פאַר האַלבער נאַכט זענען זיך די געסט פונאַנדערגעגאַנגען. פריינטלעך, מיט אַ גוט וואָרט פאַר יעדערן, האָט ער זיך פונאַנדערגעזעגנט מיט אַלעמען, האָט זיך געוווּנדערט, וואָס היי-יאָר גייט מען זיך אַזוי גיך פונאַנדער. נאָר די „באָבע" האָט יעדערן אַ סוד איינגערוימט, אַז די לעצטע צייט פילט זיך דער „זיידע" זייער שלעכט, אים איז שווער צו זיצן שפּעט און געבעטן מיט אַ זיפץ, מען זאָל אים ווינטשן געזונט און יאָרן.

דער „זיידע" האָט זיך אָבער געהאַלטן שטאָלץ, ווי אַ גענעראַל, וואָס וויל זיך נישט אונטערגעבן און געפּרוווט די געסט פאַרהאַלטן ווי מעגלעך שפּעטער. מיט אַ מאָדנע געפיל איז מען זיך דעמאָלט פונאַנדערגעגאַנגען. דאָס איז געווען דער לעצטער געבוירנטאָג...

און אין אַ קנאַפּ יאָר אַרום איז ער שוין געלעגן אינם יידישן שפּיטאָל. איין זייט קערפּער, די לינקע, איז געווען פּאַראַליזירט, נאָר מיט איין האַלבן האָט ער זיך באַוועגט. זיין גייסט איז אָבער געווען לויטער. געריידט האָט ער וועגן אַלץ, וואָס האָט אין יענעם שטורעמדיקן יאָר אינטערעסירט. אויף אַ מינוט האָט ער אָבער נישט פאַרגעסן זיין הויפּט-אינטערעס און ליבלינג — די יידישע ליטעראַטור, וועלכע ער האָט אַזוי פיל כּוחות אָפּגעגעבן. ער האָט אויך דערמאָנט פערזאָנען, צו וועלכע ער האָט געהאַט געוויסע טענות.

און אַז מען האָט אים ענדלעך געפרעגט:

— זיידע, מעג מען שרייבן וועגן אייער געשפּרעך?*) — האָט ער אַ צאַפּל געטון:

*) אויספירלעך איז דאָס געשפּרעך געדרוקט אין יאָר 1917 אין קיעווער „נייע צייט".

— געוויס, אוודאי שרייבט!

אין אַ וואָך אַרום האָט ער שוין אינגאַנצן אײפגעהערט צו רעדן. שטיל איז ער געלעגן, און זיין רעכטע האַנט האָט מיט די שפּיצן פינגער לאַנגזאַם זיך באַוועגט איבער זיין הויכן חריפותדיקן שטערן. די אויגן האָבן ערגעץ געקוקט אין דער ווייטקייט און די שפּיצן פון די בלאַסע פינגער האָבן געבלאָנזשעט איבערן פּנים און זיך תמיד צוריק אומגעקערט צום שטערן, אי־בער וועלכן זיי האָבן אַרומגעוואַנדלט. און אויסגעזען האָט עס, ווי זיי העלפן דעם קלוגן שטערן, דעם באַקרוינטן מיט די זילבער־ווייסע האָר, זיך עפּעס דערמאָנען אַ זייער וויכטיקן ענין, וואָס האָט זיך אָקאָרשט נאָר אַרויסגעגליטשט און אָט באַלד־באַלד וועט דאָס צוריקקומען און עס וועט קלאָר ווערן אַ סוד, אַ גרויסער סוד, וואָס איז געווען פאַרבאַהאַלטן ניין צענדליק יאָר און אפשר מער, — דער אייביקער סוד, וואָס פאַרקניפּט אונזער סוף מיטן אָנהייב, מיטן אָנהייב פון אַלע אָנהייבן...

---

און שבת, דעם 25־סטן נאָוועמבער, איז באַוווּסט געוואָרן, אַז דער „זיידע" איז שוין מער נישטאָ...

ס'האָט זיך אַ רודער געטון אין די ליטעראַרישע און אין די פּאַרטייאישע קרייזן. די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זע־נען געקומען מיט זייערע פענער אים אָפּגעבן דעם לעצטן כּבוד. איבער אַ ים מיט קעפּ איז געשוווּמען דער אָרון. ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז עס וועט קיין סוף נישט נעמען צו דער געוואַלטיקער מענטשן־מאַסע, וואָס האָט פאַרפלייצט די גרעסער גאַסן.

אויפן בית־עולם האָט דער ערשטער גערעדט ה. נ. ביאַ־ליק: „די מזרח־וואַנט פון אונזער ליטעראַטור ווערט ליידיק", האָט ער אָנגעהויבן און דערמאַנט, אַז דער זיידע האָט צום סאַמע

סוף פון זיין לעבן אויפגעהערט צו רעדן, צוריק געוואָרן ווי אַן ערשט-געבוירן קינד,

און געענדיקט — שוין אויפן פרישן קבר — האָט זיין זון, אויך אַ זקן, מיט:

— עושה ש ל ו ם במרומיו...

1925

# יצחק־יואל לינעצקי

## I

פאַר דער יידישער ליטעראַטור און דעם יידישן לעזער איז ער אייגנטלעך שוין לאַנג געווען געשטאָרבן, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס מען האָט אים צו קבורה געבראַכט ערשט סוכות פונם יאָר תרע״ו (1915).

די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ער זיך אַרומגעבלאָנקעט אין אָדעס. אויסגעהאַלטן האָט אים בכבוד זיין זון, אַן אָנגעזעענער אַרכיטעקט. ביי אונז האָט מען אַזוי ווייניק געוווּסט פון אים די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, אַז פאַר דער מלחמה האָט מען ערגעץ געשריבן, אַז דער אַלטער לינעצקי פאַרקויפט ציגאַרן אין אָדעסער גאַסן...

און ער איז דאָך געווען איינער פון די, וואָס זענען געשטאַנען ביים וויגעלע פון דער יידישער ליטעראַטור.

אין יענער צייט, ווען לינעצקי האָט אָנגעהויבן צו שרייבן, האָבן די יידישע משכּילים, וואָס האָבן זיך געצערטלט פון איין זייט מיט שילערן און פון דער אַנדערער זייט מיט דער העברעאישער מליצה, זיך באַצויגן מיט גרויס גרינגשעצונג צום „המון“ און צו זיין שפּראַך. אָפן אָדער פאַרבאָרגן האָט מען געשטרעבט צו אַסימילאַציע, און די יחידים, וואָס האָבן זיך „אַראָפּגעלאָזט צום פאָלק“, ווי עס פלעגן זיך פאַרטיידיקן די דעמאָלטיקע „זשאַר־גאָן־שרייבער“, האָבן דאָס מאָטיווירט מיטן ווילן „אויפהייבן דאָס פאָלק“...

און אָט אין יענער צייט פון משכּילישע לויב־געזאַנגען און אויסגעדראָשענער העברעאישער מליצה האָט זיך באַוויזן — דווקא

אויף „זשאַרגאָן" — אַ ווערק, וואָס האָט אויפגערודערט דעם גאַנצן זומפּ פון פאַנאַטיזם און צביעות. עס איז געווען אַ פּשוטע לעבנסבאַשרייבונג פון אַ יידיש קינד, אַ חסידיש יינגל. דאָס ווערק איז געווען פול מיט ברויזיקן לעבן, מיט טעמפּעראַמענט. מיט אַן אומרחמנותדיקער שאַרפער סאַטירע איז דאָרטן אין אַ ריי לעבנסבילדער געשילדערט געוואָרן דאָס אָפּגעשטאַנענע פּראָווינציעלע לעבן פון פּאָדאָליע און וואָלין. „דאָס פּוילישע יינגל" (אַזוי האָט געהייסן דאָס ווערק) און זיין מחבר זענען מיטאַמאָל מפורסם געוואָרן. ס'האָט זיך ביז דעמאָלט קיינעם נישט געחלומט, אַז אַ יידישער שרייבער קאָן ווערן אַזוי שטאַרק פּאָפּולער און באַקומען אַזוי פיל לעזער, וועלכע האָבן מיט אומגעדולד קוים דערוואַרט פרייטיק דעם „קול מבשר", ווו דאָסדאָזיקע ווערק האָט זיך דעמאָלט געדרוקט אין המשכים. געלייענט האָבן דאָס „פּוילישע יינגל" מיט גרויס אינטערעס (איינע מיט גרויס הנאה, אַנדערע — מיט ציין-קריצן) אַלע אָן אויסנאַם: אַלט און יונג, מענער און פרויען, חסידים, מתנגדים און משכילים. און אַריינגעדרונגען איז דאָס ווערק אומעטום, אפילו אין די חסידישע הויפן, ווו ס'האָבן עס אָפטמאָל געלייענט די רביים גופא. דער שריפטשטעלער איז געוואָרן אַ מפורסם, און די ליטעראַטור פון יענער צייט האָט אים אַריינגערעכנט צווישן אירע גדולים.

לינעצקין איז אָבער נישט באַשערט געווען צו בלייבן צווישן די גדולים פון דער ליטעראַטור. זיינע שפּעטערדיקע ווערק זענען נישט נאָר נישט געגאַנגען ווייטער פונם ערשטן, נאָר זיי זענען געווען פיל שוואַכער. לינעצקי האָט זיך אין זיי איבערגעחזרט, האָט זיך געוואָרפן אויף פאַרשידענע געביטן, האָט פּרובירט אַליין אַרויסגעבן אַ וואָכנשריפט און וואָס ווייטער די יידישע ליטעראַטור האָט זיך אַנטוויקלט און געגאַנגען פאָראויס, אַלץ אָפּגעשטאַנענער איז געבליבן לינעצקי. זינט די לעצטע יאָרן פון נייַנצענטן יאָרהונדערט הערט מען כמעט פון אים נישט און ער ווערט פאַרגעסן.

## II

אין יאָר 1913 האָב איך אים געזען אין אַ ייִדישער רע-
„קציע אין אָדעס : אַ קליינע איינגעשרומפּטע פיגור, אַ לענגלעך
מאָגער פּנים, באַוואַקסן מיט אַ קורץ ווייס בערדל, פון אונטער
גאָלדענע ברילן האָבן זיך געזען צוויי אויסגעלאָשענע גרינלעכע
אויגן, וואָס האָבן זיך אָנגעצונדן נאָר בעת אויף זיינע דינע פאַר-
טרוקנטע ליפּן האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל, אַ נישט הויכער
שטערן, אַ ברייט מויל מיט אַריינגעשטעלטע ציין, וואָס האָבן
נאָך בולטער געמאַכט זיין נישט הימלעכן שמייכל. אָנגעטון איז
ער געווען אין אַ גרויס טכויערן פוטער, אין וועלכן זיין פיגור
האָט זיך ווי באַהאַלטן, און אויפן קאָפּ — אַ הויך באַראַשקע-
היטל — דאָס איז געווען יצחק-יואל לינעצקי, אָדער ווי ער האָט
זיך אונטערגעשריבן אויפן „פוילישן ייִנגל" : „עלי קצין הצחקיאלי
מק"ק וציוני".
גע קומען איז ער אין רעדאַקציע מיט טענות : הלמאי דאָס,
הלמאי יענץ, און דער עיקר — פאַרוואָס האָט מען נאָך נישט אָפּ-
געדרוקט זיין לעצטן מאמר אָדער שיר. הגם לינעצקין האָט מען
שוין צו יענער צייט אין ערגעץ נישט געדרוקט, האָט דאָך די
אָרטיקע ייִדישע פּרעסע אין אָדעס אָפטמאָל אָפּגעדרוקט זייגס אַ
מאמר, אַ שיר אָדער אַן איבערזעצונג, ווייל לינעצקי האָט נישט
אויפגעהערט צו שרייבן ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן.
מ'האָט דאַן געדרוקט אים צוליב רחמנות, אָדער פּשוט מחמת מען
האָט נישט געקאָנט אָפּזאָגן אַן אַלטן ייִדישן שרייבער, וואָס קומט
אין רעדאַקציע אָנבאָטן זיינע ווערק... געטרייסט האָט מען זיך
דערמיט, וואָס אָדעסער ייִדישע פּרעסע האָט נישט קיין סך לע-
זער, און צום ברייטן עולם וועלן זיינע שאַפונגען נישט דער-
גרייכן...
לינעצקי האָט, ווי געזאָגט, געשריבן מאמרים, לידער און

איבערגעזעצט תהילים, ברכי־נפשי און אַנדערע. דאָס אַלץ האָט אָבער קיין ליטעראַרישן ווערט נישט געהאַט, און נישט נאָר קיין ליטעראַרישן, נאָר אויך אין שפּראַכלעכער הינזיכט איז לינעצקי געבליבן (אָדער געוואָרן) אָפּגעשטאַנען. אַלס מוסטער וועט גענוג זיין דער ערשטער פערז פון זיינס אַ לאַנגן שיר מיטן נאָמען „צווײ שיפן", וואָס האָט געזאָלט פאָרשטעלן דאָס אַלטע און נייע יידנטום:

גאַנץ שטיל און בעזפּעטשנע
מיטן שטראָם וואַסער הערינף (אַרויף — מ. ק.)
גייט רויק סטאַטעטשנע
איינע אַלטע שיפף...

פאַרשטייט זיך, אַז אפילו די אָדעסער טעגלעכע יידישע פּרעסע, וועלכע איז נישט געווען קיין גרויסע איבערקליבערין אין ליטעראַטור, האָט אַזאַ מין שיר נישט געקאָנט פועלן ביי זיך צו דרוקן, כאָטש די רעדאַקציע האָט נישט געוואָלט „איינרייסן" מיטן אַלטן לינעצקין, וועלכער האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ „גראָסאַרטי־קעס געדיכט". ביים איבערלייענען דעם שיר, וועלכער איז גע־ווען איבערפולט מיט רוסיציזמען און האָט בכלל זיך געפּאַסט נאָך פאַר צונזערס צייטן, האָט לינעצקי געפרעגט מיט נצחון: „נו, וואָס זאָגט איר עפּעס. דער אַלטער לינעצקי קאָן נאָך עפּעס אָנ־שרייבן ! ?"

## III

די לעצטע 15–20 יאָר פון זיין לעבן האָט לינעצקי אי־בערגעלעבט אַ טראַגעדיע. ער האָט געזען און געפילט, אַז זיין צייט איז פאַרביי. אַ ניי דור איז אויפגעשטאַנען מיט נייע פאָ־דערונגען, נייע געשמאַקן און נייע באַגריפן. לינעצקי האָט נישט

פאַרשטאַנען און נישט אָנערקענט דעם נייעם דור, פונקט ווי דער דור אים...

און דאָ נעמט מען אַבראַמאָוויטשן (לינעצקי האָט אים נישט גערופן „מענדעלע”), מען מאַכט אים פאַר אַ זיידן פון דער יידישער ליטעראַטור און מען טראָגט זיך אַרום מיט אים, אָט מיט דעם אַבראַמאָוויטשן, אויף וועלכן לינעצקי האָט אַמאָל גע־קוקט פון אויבן אַראָפּ...

לינעצקי האָט אַזוינס נישט געקאָנט פאַרטראָגן, ווייל ער איז ביי זיך געווען פעסט איבערצייגט, אַז דער אמתער „זיידע” פון דער יידישער ליטעראַטור איז ער און נאָר ער, און נישט קיין אַנדערער... איז ער תּמיד אַרומגעגאַנגען אַ בייזער, אַ פאַרצאָרנ־טער און האָט געשאָטן פעך און שוועבל אויף אַלע יידישע שריפט־שטעלער. אָפטמאָל האָט ער דערמאָנט צום בייזן אפילו די אַלטע, די געשטאָרבענע. אַן אייביקן צאָרן האָט ער געטראָגן אויף אַלעקסאַנדער צעדערבוימען, רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער פון „המליץ”, „קול מבשר” און „אידישן פאָלקסבלאַט”. אים האָט ער נישט גע־קאָנט מוחל זיין, ווייל צעדערבוים האָט געוואָלט מאַכן יידישע שרייבער פאַר שנאָרערס. לינעצקי האָט דערציילט, אַז בעת צע־דערבוים האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך פון אַ יידישן שריפטשטעלער, האָט ער געשיקט דעם מחבר מיטן ווערק צו די יידישע גבירים... לינעצקי האָט אים נישט איינמאָל געשאָלטן דערפאַר, וואָס אויך אים האָט ער דערצו געצוווּנגען...

נאָר זיין הויפּט־שנאה האָט לינעצקי געטראָגן אויף דעם זיידן מענדעלע מיט זיינע מקורבים. זיין שנאה האָט ער קיינמאָל נישט פאַרדעקט. די אָדעסער יידישע ליטעראַרישע קרייזן פון יענער צייט האָבן זייער גוט געוווּסט וועגן דעם.

אין יאָר 1909 איז לינעצקי אַלט געוואָרן 70 יאָר. דער־דאָזיקער יובל איז פון קיינעם נישט באַמערקט געווען און איז דורך קיינעם נישט געפייערט געוואָרן. דעמאָלט האָט לינעצקי אָנ־געשריבן אַ ביכל, וואָס ער האָט אַ נאָמען געגעבן „פונם יאַריד — אַ פאַנטאַזיע צו מיין זיבעציקיעריקן געבורטסטאָג”. דאָסדאָזיקע

ביכל איז אייגנטלעך אַ קורצע אויטאָביאָגראַפיע, וואָס שטעלט נישט פאָר קיין באַזונדערן אינטערעס, חוץ אפשר דאָס, ווי לי־נעצקי דערציילט, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אַ טויטער, נאָר די באָבע (אַקושערין) האָט אים אַ כאַפּ געטון פאַר דעם גענזעסל, אַ הייב געטון אינדערהייך, אַ פּאַטש געגעבן און דריי מאָל אַ גע־שריי געטון זיין טאַטנס נאָמען „יאָסי!" האָט ער זיך אויפגעכאַפּט צום לעבן, נאָכדעם האָט מען אים אַריינגעלייגט אין אַ טאָפּ מיט פעדערן, ווו מען האָט אים געהאַלטן אַ געוויסע צייט. ווייטער דערציילט ער אַ ביסל פון זיין קינדהייט און יוגנט, וואָס איז אייגנטלעך אַ קאָפּיע (אַ שלעכטע אגב) פונם „פוילישן יינגל". דער עיקר אָבער, ווייזט אויס, איז די בראָשורקע געשריבן גע־וואָרן, כדי זיך אָפּצורעכענען מיטן „זיידן" מענדעלע. דאָ ווערט לינעצקי זייער גאַליק און בייסיק און גיסט אויס זיין ביטער האַרץ אויפן „קהלשן זיידן", ווי ער רופט אים אָן, „מיט זיינע פרעמדע אייניקלעך".

דערביי איז אינטערעסאַנט צו ברענגען דעם פאָלגנדיקן עפּיזאָד. דידאָזיקע בראָשורקע „פונם יאַריד" האָט זיך געדרוקט אין אַ באַוווסטער יידישער דרוקעריי אין אָדעס („מוריה"), וואָס האָט געהערט צו ביאַליקן און ראַווניצקין, מענדעלעס מקורבים. בכדי אויסצומיידן סקאַנדאַלן און נישט צו פאַרשאַפן קיין עגמת־נפש דעם „זיידן", האָבן די יידישע ליטעראַטן באַשלאָסן אַרויס־צוּוואַרפן פונם ביכל יענע ערטער, ווו דער „זיידע" ווערט צום שטאַרקסטן אָנגעגריפן. דידאָזיקע „שאַרפע ערטער" האָט מען נאָר איבערגעלאָזט איי יענע עקזעמפּליאַרן, וואָס לינעצקי האָט גענו־מען פאַר זיך.

## IV

נאָר ווי בּייסיק און גאַליק לינעצקי איז געווען, ווען ער איז זיך צוזאַמענגעקומען מיט שרייבּער, אַזוי געמיטלעך און גאַסטפריינטלעך איז ער געווען בּיי זיך אין דער היים. איז מען צו אים געקומען אין זיין גרויסער דירה אויף איינער פון די אָדעסער רייכע גאַסן (מאַראַזלייעווער), האָט ער אויפגענומען מיט פריינטלעכקייט און ליבשאַפט. שעהנלאַנג האָט ער געקאָנט אָפּזיצן און דערציילן פאַרשידענע זאַכן, פון די אַמאַליקע יאָרן, פון זיין פאַרגאַנגענהייט, פון אַלטע שרייבּער און משכּילים. ער האָט דערבּיי אַרויסגעוויזן אַן אומגעוויינלעכן כּוח-הזכּרון, אַלץ פאַרגעדענקט מיט אַלע פּיטשעווקעס. אַפשר איז זיין גרויסע פריינטלעכקייט געווען, ווייל זעלטן ווער ס׳האָט אים באַזוכט. קיינער איז צו אים נישט געגאַנגען. אין דער יידישער וועלט, ווי געזאָגט, איז ער נישט געווען פּאָפּולער און די שרייבּער, די עלטערע ווי די יינגערע, זענען געגאַנגען צום זיידן, וועלכן מ׳האָט ממש פאַרגעטערט און וווהין עס האָט צוגעצויגן די וווּנדערלעכע פערזענלעכקייט, פון וועלכער ס׳האָט געשפּרודלט מיט גייסטרייכקייט און חכמה.

לינעצקי האָט זיך אַליין דערווייטערט פון דער ליטעראַרישער סביבה, אָדער איז דערווייטערט געוואָרן, ווייל ער איז געבּליבן הינטערשטעליק. ער האָט קיינעם און גאָרנישט נישט אָנערקענט און האָט אויף אַלעמען געטראָגן אַ האַס.

ס׳געדענקט זיך אַ סצענקע, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר לינעצקיס באַציאונג צו אָנגעזעענע יידישע שרייבּער. דאָס איז געווען אין מלחמה-צייט, אין דעם גרויסן צימער פון פאַרלאַג „מוריה" (אויף באַזאַרנע גאַס), וווהין ס׳פלעגן זיך צוזאַמענקומען די יידישע שרייבּער, וואָס זענען צו יענער צייט געווען

אין אָדעס. לינעצקי קומט אריין, נישט ווייט פון דער טיר ווענדט ער זיך צום שרייבער פון די שורות:

— ווער שטייט דאָרטן ביים פענסטער?

— דוד פרישמאַן. איר קענט אים נישט?

— איך וויל אים נישט קענען! און ווער איז דער אַנדערער?

— עפשטיין.

— זלמן?

— יאָ.

— המ...

ער דרייט זיך אויס און אַ בייזער פאַרלאָזט ער דאָס צימער.

און אַזוי האָט ער געלעבט אַ פאַרשטויסענער און אַן איינזאַמער.

ס'איז אַמאָל געקומען צו רייד מיטן זיידן מענדעלע וועגן לינעצקין, האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט זיך אַמאָל מיט אַ סך יאָרן צוריק מיט אים באַגעגנט ערגעץ אויף אַ פאַרזאַמלונג. דאַכט זיך, אַז זיי האָבן זיך פערזענלעך נישט געקענט...

## V

אין אָנהייב פון דער וועלט-מלחמה (ראש השנה 1914) האָט לינעצקי אָפּגעדרוקט אַ בריוו אין די אָדעסער רוסישע און יידישע צייטונגען, אַז ער זאָגט זיך אָפּ צו פייערן זיין פינף-און זיבעציקיעריקן יובילעי... ער לייגט דאָס אָפּ אויף בעסערע צייטן...

אין אַ יאָר אַרום, סוכות, איז לינעצקי געשטאָרבן. אויף זיין לוויה איז געווען אַ גרויסער עולם, אָבער ווייניק פון די יידישע ליטעראַטן. אויפן בית-עולם האָט אים מספיד געווען איינער פון זיין דור, דער אַלטער איש-נעמי (בעזרעדקאָ-וועקסלער, דער פאָטער פון מעטשניקאָווס אַסיסטענט פּראָפעסאָר בעזרעדקאָ). אינם הספד האָט ער זיך שטאַרק געקלאָגט אויפן נייעם דור „אשר לא ידע את יוסף..."

צו דוד פרישמאַנען האָבן די יורשים נאָכדעם געבראַכט לי־
נעצקיס איבערגעבליבענע כתבים — אַ זייער מאָגער העפטל מיט
עטלעכע איבערזעצונגען פון תהילים און אַ ביסל שירים, וואָס
האָבן כמעט נישט געהאַט קיין ליטעראַרישן ווערט. חוץ דעם —
עטלעכע בריוו, צווישן זיי איינער פון אברהם רייזען, אַזוי, אַז
אפילו קיין אַרכיוו־ירושה איז נישט געבליבן פון אַ יידישן שריפט־
שטעלער, ווי לינעצקי, וואָס האָט זיכער זיך געהאַט דורכגעשריבן
מיט אַ סך יידישע ליטעראַטן פון זיין צייט.

# שמעון-שמואל פרוג

די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איז ש. פרוג געווען אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, הגם ער האָט געלעבט אין אָדעס, וואָס איז תמיד געווען אַ ליטעראַרישער צענטער, און אין די מלחמה-יאָרן איז דאָרט געווען אַ רעכט גרויסע גרופּע יידישע שרייבער. די סיבה דערפון: ער האָט געליטן פון אַ שווערער נירן-קראַנקהייט, וואָס האָט אים געהאַלטן צוגעשמידט צום בעט לאַנגע יאָרן כסדר. ווי נאָר די קראַנקהייט האָט אים אָפּגעלאָזט אַ ביסל, האָט ער זיך באַוויזן אין דער עפנטלעכקייט.

זיין הויכע, שטאָלצע פיגור, די קלוגע גוטמוטיקע אויגן, וואָס זענען די לעצטע יאָרן געווען טיף איינגעגראָבן אונטערן הויכן שטערן פונם גלאַט-ראַזירטן קאָפּ — האָט תמיד געמאַכט אַן אימפּאָזאַנטן איינדרוק. פון אַלע זייטן פלעגט מען אים אַרומרינגלען און אויסהערן זיינע שאַרף-וויציקע רייד און גייסטרייכע ווערטלעך. ער האָט פאַרמאָגט דעם ברייטן זשעסט פון אַ רייכן גוטבאַזיצער, די אַריסטאָקראַטישע מאַניערן צוזאַמען מיטן הפקרדיקן און פרייען שווונג פונם באָהעמע-מאַן. אָבער זיין קרענקלעך אויסזען — די איינגעפאַלענע באַקן און דער ליידנדיקער גלאַנץ פון זיינע אויגן האָבן דערוועקט אומרו און מיטלייד-געפילן צו אים.

זייער-זייער זעלטן האָט מען פרוגן געזען צווישן מענטשן.

ס'האָבן אים טיילמאָל באַזוכט מענדעלע, ביאַליק, דוד פרישמאַן, ספּעקטאָר און אַנדערע, וועלכע זענען אָבער תמיד צוריקגעקומען מיט אַ שווער געפיל אונטערן איינדרוק פון זיינע פיזישע ליידן. ער האָט געליטן אַ ריי יאָרן. ער וואָלט שוין לאַנג נישט

געקאָנט אריבערטראָגן די שווערע ליידן, אָפּעראַציעס, מעדיצינען, דאָס שטענדיקע בעט-ליגן, ווען נישט זיין מלאך-הגואל — זיין פרוי. עס לאָזט זיך גאָרנישט דערציילן וועגן פרוגס לעבן, און נישט דערמאָנען זיין איידעלע פרוי, וועלכע האָט דעם דיכטער דער־האַלטן ביים לעבן. זי איז געווען אַ קריסטין, אַ שניידערין, דער דיכטער האָט זיך מיט איר באַקענט אין פּעטערבורג ביי ד"ר י. ל. קאַנטאָר, וווּ ער האָט געאַרבעט. פרוג האָט דאַן געשריבן אין ד"ר קאַנטאָרס „היום". צוליב „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ" (וווינרעכט) איז ער געווען פאַרשריבן ביי ד"ר ל. קאַנטאָר אַלס „שווייצאַר". דאָרטן האָט ער זיך באַקענט מיט דער שלאַנקער, שיינער פריילין. און צווישן די יונגע מענטשן האָט זיך אָנגעהויבן אַ ליבע, אַ שטאַרקע, און אייביקע... נישט ווייניק פּיין און צרות האָט זיי די ליבע פאַרשאַפט, ווייל חתונה-האָבן געזעצלעך האָבן זיי נישט גע־קאָנט אין דעמאָלסטיקן רוסלאַנד. זייער קינד — אַ מיידל, אָפּי־ציעל אַן אומגעזעצלעך קינד, איז זיי געשטאָרבן צו 13 יאָר, און דאָס האָט אויך געמאַכט אַ שאַרפן שניט אין דיכטערס נשמה. זיין זעלטענע פרוי האָט מיט פיל מסירת-נפש אונטערגעהאַלטן דעם דיכטער אין די שווערסטע מאָמענטן פון זיין לעבן.

אין די 80-ער יאָרן פונם פאָריקן יאָרהונדערט, ווען פרוג האָט זיך מיט איר באַקענט, איז ער געווען יונג, לעבנסלוסטיק, זאָרגלאָז. זיין דיכטערישער שטערן איז אָקאָרשט אויפגעגאַנגען אויפן הימל פון דער רוסישער און יידיש-רוסישער ליטעראַטור. מען האָט אים פאָראויסגעזאָגט אַ גלענצנדע צוקונפט, געשטעלט אין איין ריי מיט נאַדסאָנען (שטאַמט פון יידן) און נ. מינסקי (אַ ייד). דער דעמאָלט-באַוווסטער רוסישער קריטיקער סקאַביטשעוו־סקי האָט אָנגעשריבן זיין באַקאַנט אַרטיקל „דריי רוסישע פּאָעטן", וועגן דידאָזיקע דריי אויפגייענדיקע שטערן אין דער רוסישער פּאָעזיע.

## II

צו דער יידישער דיכטונג איז פרוג געקומען כלאחר-יד, אזוי ווי דער עלטערער פון זיין דור, י. ל. גארדאן, איז געקומען מיט זיין „שיחת-חולין". ס'איז בכלל פון די אמאליקע כאראקטעריסטישע שטריכן פון פיל יידיש-רוסישע און העברעאישע שרייבער, וואס אין רוסיש און העברעאיש האט מען געשריבן מיט אן אחריות-געפיל, ס'איז געווען א מין עבודת-הקודש; מיט יידיש אבער האט מען זיך ווייניק געצערמאניעט, אויף אט דעם „בידנעם" „אומקולטורעלן" לשון האט מען זיך נאר געוויצלט, אויסגעבראכט א חכמהלע. דארטן איז מען געווען יום-טובדיק, דא — וואכנדיק, דארטן — „פארקנעפלט אויף אלע קנעפלעך", עכט-אייראפעאיש, דא — ווי ביי זיך אין דער היים, מ'שטיינס געזאגט א „זשארגאן"... אמת, אויסגעלאזט האט זיך לסוף, אז דארטן האט מען אפט געשריבן אנגעצויגן, מליצהדיק, מען האט מורא געהאט זיך פריי צו באוועגן, און אינם „ארימען" יידיש האט מען אפט דווקא געשאפן פערל, געפונען דעם אמתן פאלקס-טאן, דעם וועג צו דער פאלקס-נשמה און אפטמאל טאקע צו דער אייגענער נשמה אויך...

פרוג איז געווען דאס אמתע קינד פון זיין דור, מיט וועלכן ער האט מער געווייטיקט, איידער זיך געפרייט. ער האט זיך געפונען אונטער דער השפעה פון דער השכלה פון איין זייט און פון הבת-ציון — פון דער אנדערער זייט. די גרעסטע טייל פון זיין דיכטערישן טאלאנט האט ער געווידמעט אויף איבערצוגיסן די פערל פון דער אלטער יידישער אגדה אין דער רוסישער שפראך. די כוונה איז געווען, אז יידישע קינדער זאלן זיך אינגאנצן נישט אפרייסן פון זייער מקור. נאך א טעם — א ריין משכילישער — „צו ווייזן די פעלקער אונזער שיינקייט"...

א לענגערע צייט האט פרוג באהערשט די הערצער פון דער יידישער יוגנט. זיינע שירים זענען אריינגעדרונגען אין די

קרייזן פון די יידישע פאָלקס-מאַסן און פון דער אינטעליגענץ. זיי זענען געוואָרן שטאַרק באַליבט און פּאָפּולער. מען האָט זיי גע-לייענט, דעקלאַמירט און געזונגען. זיין סענטימענטאַל אָבער ברויזנדיק ליד האָט געוואונען הערצער, זיין לייכטער פערז און שפּילעוודיקער הומאָר האָבן אים געשאַפן אַ סך פאַרערער. ער האָט זיך גערעכנט פאַרן גרויסן נאַציאָנאַלן דיכטער.

III

פרוג איז געווען דער ערשטער דיכטער אונזערער, וואָס איז געקומען פון דער נאַטור, פון די פרייע דרום-סטעפּעס, וואָס אָטע-מען מיט זון און רחבות — זיין וויגל איז געשטאַנען אין אַ יידי-שער קאָלאָניע פון כערסאָנער גובערניע. צו דער יידישער דיכטונג איז ער געקומען כמעט אַ רייפער מיט אַ געוויסן באַגאַזש פון קול-טור און אייראָפּעאיזם. ער האָט צו אונז „אַראָפּגענידערט" פון די הויכן פונם רוסישן פאַרנאַס, וווּ ער האָט פאַרנומען אַ בכבודיק אָרט. אים איז אָבער נישט באַשערט געווען צו שפּילן קיין לייטנדע ראָ-לע אין דער יידישער פּאָעזיע. זיין לייכטזיניקע באַציאונג צו יידיש האָט גורם געווען, אַז ער איז אָפט אַריינגעפאַלן אין בדחנות, אין פאַראָדירן, אָדער נאָכמאַכן היינען, אין וואָס עס זענען אייגנטלעך נכשל געוואָרן אַ סך דיכטער פון יענער צייט, נישט נאָר יידישע...

פאַר דער יידישער פּאָעזיע איז די ישועה געקומען פון אינע-ווייניק, עס זענען געקומען די דיכטער מאָריס ראָזענפעלד, י. ל. פּרץ, יהואש, אברהם רייזען און אַנדערע, וואָס זענען געוואָרן אירע טאָן-געבער, און מיטגעהאָלפן איר שנעלע אַנטוויקלונג. פרוג איז גע-בליבן אין אַ זייט. בלויז פון צייט-צו-צייט האָט ער זיך געלאָזט הערן אין יידיש. ער איז ביי אונז געווען בלויז אַן אורח, אַ ריי-כער קרוב, וואָס איז מזכה די אָרעמע קרובים מיט אַ וויזיט...

און שולדיק אין דעם איז געוויס געווען אויך זיין שווער לעבן. דען נישט די רוסישע פּאָעזיע און נישט די יידישע האָבן

אים געגעבן געגוג אויף צו לעבן. א נאָמען האָט ער זיך דער־
וואָרבן א גרויסן, אָבער נישט גענוג פּרנסה. בעת ער איז געווען
יונג און געזונט האָט ער א גרויסע טייל פון זיין דיכטערישן טאַ־
לאַנט געמוזט פאַרשווענדן אויף שרייבן וועכנטלעכע פעליעטאָנען־
איבערזיכטן אינם „פּעטערסבורסקי ליסטאָק". אים איז דעמאָלט
אויסגעקומען אויסצוהאַלטן די אַטאַקעס פונם באַקאַנטן אַנטיסעמיט
און רעאַקציאָנער פון „נאָוואָיע וורעמיאַ" בורענין, וועלכער האָט
נישט איין רוסישן טאַלאַנט פאַרקירצט די יאָרן. אמת, פרוג האָט
אים אויך נישט געשאָנעוועט און אים אָפּגעצאָלט מיט זיין שאַרפן,
בייסיקן הומאָר... אויך זיין שטענדיקע קרענק האָט שפּעטער גורם
געווען דערצו, וואָס ער איז אַלץ מער אָפּגעריסן געוואָרן פון ד
יידישע פאָלקס-מאַסן, וועלכע ער האָט שטאַרק ליב געהאַט. די
וועלביקע פאָלקס-מאַסן, פון וועלכע ער איז אַלץ מער דערווייטערט
געוואָרן, האָבן נאָך ביז איצט נישט אויפגעהערט צו זינגען זיינע
האַרציקע לידער „זאַמד און שטערן", „דער בעכער" און אַנדערע,
וואָס וועלן נאָך זיכער לאַנג בלייבן אינם פאָלקס-זכרון צוזאַמען
מיטן נאָמען פונם ליבן דיכטער — איינעם פון די ערשטע פּיאָנער
פון דער נייער יידישער דיכטונג.

# בעל־מחשבות

## אין ריגע

### 1

אין יאָר 1907, זומער, איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרוּוו אַרויסצוגעבן אין ריגע אַ טעגלעכע ייִדישע צייטונג. דער דייטשישער באַראָן פאָן בודבערג איז געווען דער אַרויסגעבער, דער ייִד מעלער — דער איניציאַטאָר און פאַרוואַלטער, ה. ד. נאָמבערג — דער רעדאַקטאָר. פון דער „נאַציאָנאַל־צייטונג" זענען דערשינען עלף נומערן און די צייטונג האָט זיך אָפּגעשטעלט. שולדיק איז געווען דער ייִדישער אַדמיניסטראַטאָר, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן אַ פאַרברעכערישע באַציִונג צו דעמדאָזיקן ערשטן פּרוּוו. אַז אין ריגע איז געווען אַ באָדן פאַר אַ ייִדישער צייטונג, זענען געווען אַ סך סימנים. האָט זיך אין יאָר 1910 געשאַפן אַ געזעלשאַפטלעכע גרופּע, וואָס האָט געמאַכט אַ צווייטן פּרוּוו און געגרינדעט די טעגלעכע צייטונג „אידישע שטימע". צו יענער צייט זענען אין ריגע געווען מאָדערנע ייִדישע קולטורעלע פאַריינען „עבריה" (אַ ציוניסטישער) און „כרמל" (אַ ייִדישיסטישער), וועלכע האָבן אַרום זיך גרופּירט אַ רעכט ביסל געזעלשאַפטלעך־געשטימטע מיטגלידער און, געפירט אַ גאַנץ פיינע קולטור־אַרבעט.

איידער די צייטונג האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען, האָט אויפן ריגער שטראַנד אַ געוויסע צייט פאַרבראַכט י. ל. פּרץ, ער האָט געהאַלטן אַ פאָרטראַג, פון וועלכן דער ערשטער נומער פון דער נייער צייטונג האָט געבראַכט אַ באַריכט. אויך איז אין ריגע געווען אויבער־ראַבינער דער באַוווסטער דר. י. ל. קאַני־

טאָר — דער גרינדער פון דער טעגלעכער העברעאישער פרעסע („היום״), אַ גלענצנדיקער שרייבער און זשורנאַליסט. דאָס איז אַלץ געווען אַ גוטער אַקטיוו פאַר דער נייער צייטונג. דער עיקר איז אָבער געווען, וואָס דער רעדאַקטאָר פון דער „אידישער שטימע״ איז געווען דער באַוווסטער קריטיקער בעל-מחשבות (דר. איזידאָר עליאַשעוו), דערצו זענען נאָך איינגעלאַדן געוואָרן אַלס באַשטענדיקע מיטאַרבעטער די העברעאישע און יידישע ליטעראַטן מ. בן-אליעזר (גלעמבאַצקי) און י. אַ. לייזעראָוויטש, וואָס איז אויך געווען פּאָפּולער אונטערן פּסעוודאָנים איזידאָר לאַזאַר. אַלס קאָרעקטאָר איז איינגעלאַדן געוואָרן דער באַקאַנטער יידיש-העברעאישער דיכטער מנחם-מענדל הורוויץ.

אויף אַזאַ אופן איז ריגע מיטאַמאָל באַרייכערט געוואָרן מיט אַ גאַנצער גרופּע אָנגעזעענע שרייבער און ס׳זענען איר פאָרגעשטאַנען גלענצנדיקע פּערספּעקטיוון אויפן יידיש-קולטורעלן געביט. דער סוף זומער, ווען די צייטונג האָט אָנגעהויבן דערשיינען, איז געווען פון די דערהויבענע מאָמענטן פון קולטורעלן אויפשוואונג אויף דער ריגער יידישער גאַס.

פאַרשטענדלעך, אַז אַלעמענס בליקן זענען געווען געווענדעט אויף בעל-מחשבותן. ער איז נאָך דעמאָלט געווען אין די בעסטע יאָרן, אַרום די פערציק. מ׳האָט צו אים געפילט אַ באַזונדערע אַכטונג, נישט נאָר ווייל ער איז געווען איינער פון די גרעסטע שרייבער-אויטאָריטעטן, דער ערשטער קריטיקער-עסטעט, נאָר אויך מחמת דעם, וואָס ער איז געווען אַ געענדיקטער דאָקטאָר, וועלכער האָט יאָרנלאַנג געלעבט אין אויסלאַנד. ער איז געווען אַ געקומענער פון דער גרויסער וועלט, פון דער פרעמד, פון דער אייראָפּעאישער קולטור, אַ האַלב-אַסימילירטער אינטעליגענט, וואָס איז צוריקגעקומען צו יידן... ער איז דעריבער נישט געווען ענלעך אויף קיינעם פון די דעמאָלטיקע יידישע שרייבער, וואָס זענען געווינטלעך געקומען פון שטעטל, פון דער ישיבה אָדער (קליינע אויסנאַמען) פון וואַרשטאַט. מיט יאָרן שפּעטער, אין בערלין, בעת מען האָט געפייערט בעל-מחשבותעס יובליי (1923), האָט נאָמבערג

דערציילט, אַז בעת בעל־מחשבות איז געקומען פון אויסלאַנד, האָט ער אויף די גרומיקע געמאַכט דעם איינדרוק פון איינעם פון די פאַרחלומטע העלדן פון קנוט האַמסונס ראָמאַנען.

שוין זיין אויסזען איז געווען אימפּאָזאַנט: אַ שלאַנקער ברונעט, די שוואַרצע גלאַנציקע אויגן האָבן געקוקט מיט מידער נאַאיוויטעט. זיינע שוואַרצע האָר זענען אין מיטן קאָפּ צעטיילט געוואָרן דורך אַ שרונט אויף צוויי גלייכע חלקים. די אייבערשטע ליפּ איז געווען באַצוימט מיט קורץ־געשוירענע וואָנסעס. זיין גאַנץ וועזן איז געווען באַהויכט מיט אַ דינער ראָמאַנטיק.

די רעדאַקציע פון דער „אידישער שטימע" האָט זיך געפונען אויף דער דעמאָלט שטאַרק־באַלעבטער זינדער־גאַס, אויף אַן אייבערשטן שטאָק, וווהין עס האָט זיך דערטראָגן דאָס גערויש פון דער קאָכעדיקער געשעפטס־גאַס.

די צייטונג האָט, דאַכט זיך, געהאַט דריי צימערן: אינם ערשטן האָט זיך געפונען די אַדמיניסטראַציע, אינם צווייטן זענען געזעסן די איבערזעצער און אין דריטן — בעל־מחשבות מיט זיינע צוויי הויפּט־מיטאַרבעטער.

מ. בן־אליעזר איז געווען אַ הויכער, אַ דיקלעכער, אַ ביסל איינגעבויגן, מיט פּוכיקע ווייסע באַקן. דורך גרויסע ברילן האָבן אַרויסגעקוקט אַ ביסל מעלאַנכאָלישע רויִקע אויגן. אַ שטילער מענטש, וואָס האָט שוין געהאַט אַ זשורנאַליסטישן סטאַזש, איז שוין אפילו געווען אַ געוויסע צייט אין אַמעריקע, ווו ער האָט רעדאַקטירט אַ העברעאישן זשורנאַל. איצט געפינט ער זיך אין א"י, ווו ער אַרבעט פאַר די דאָרטיקע פאַרלאַגן.

י. אַ. לייזעראָוויטש, אָדער איזידאָר לאַזאַר, איז, פאַרקערט, געווען אַ נידעריקער, מיט ברייטע פּלייצעס, אַ רירעוודיקער, מיט שאַרפע, ביסטרע אויגן, וואָס האָבן זיך כסדר באַוועגט. ער איז געווען יינגער פון בן־אליעזרן, אָבער האָט זיך שוין געהאַט רעכט פיל געדרוקט אין די יידישע און העברעאישע צייטונגען און זשורנאַלן, סוף יאָר 1927 איז י. אַ. ל. געשטאָרבן אין פּאַריז.

2

כדי אַריינצוקומען צו בעל-מחשבותן אין קאַבינעט, האָט מען געדאַרפט דורכגיין די ערשטע צוויי צימערן. אין אַ פרייטיק, אָדער ערב-יום-טוב, ווען די אייליקע רעדאַקציע-אַרבעט איז שוין געווען אָפּגעטון, האָב איך מיך אַמאָל געפונען אינם צווייטן צימער, ווו ס׳האָט געאַרבעט מיין חבר דוד פעלמאַן. ס׳איז מער געווען פון נייגיריקייט אָנצוקוקן אַ רעדאַקציע, וועלכע האָט זיך אין יענע נאַאיווע יינגלשע יאָרן אויסגעוויזן ווי עפּעס אַ פאַרכישופטער פּאַלאַץ, ווו עס זיצן העכערע באַשעפענישן, צו וועלכע מיר זענען קוים זוכה צו דערגרייכן. האָט פּאַסירט אַ גאַנץ פשוטע זאַך: בעל-מחשבות איז אַרויסגעקומען פון זיין קאַבינעט און גערעדט עפּעס ווערטער מיט פעלמאַנען. יענער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר אים. מיר האָבן עפּעס גערעדט און ער איז צוריק אַוועק צו זיך אין קאַבינעט. דאַכט זיך, גאַנץ איינפאַך, פאַר מיר איז דאָס אָבער דעמאָלט געווען אַ וויכטיקע געשעעניש. דער טאָג איז שוין נישט געווען קיין געוויינלעכער. איך האָב שוין אויף זיך אַליין געקוקט מיט מער אַכטונג: איך בין שוין איצט באַקאַנט מיט בעל-מחשבותן!... הייסט דאָס, אַז בעל-מחשבות איז שוין פאַר מיר מער נישט די צוויי געדרוקטע ווערטער מיט אַ באַשטימטער צאָל אותיות, אָבער אַ קאָנקרעטע לעבעדיקע דערשיינונג, אייגנטלעך אַ מענטש, ווי אַלע מענטשן, אָבער דאָך נישט אַזוי, ווי אַלע... עפּעס איז אין אים פאַרהאַן אַ באַזונדערע פיינקייט, האַלטונג, טאָן און דערצו פשטות, אונטערקויפנדיקע פשטות, וואָס מאַכט אים מיטאַמאָל נאָענט. ווער וואָלט דעמאָלט געקאָנט זאָגן, אַז אין אַ וועלכע אַכט-ניין יאָר אַרום וועל איך מיך מיט אים שטאַרק באַפריינדן? דאָס וואָלט דעמאָלט געווען די גרעסטע פאַנטאַזיע.

אין אַ געוויסער צייט אַרום האָב איך געבראַכט אַ רעצענזיע פון אַ מוזיקאַליש-וואָקאַלן אָוונט, ווו מען האָט אויך גע-

שפּילט אַן איינאַקטער (קענטיק, האָט שוין דער גורל מיר געהאַט באַשטימט צו זיין אַ רעצענזענט...). אויף מאָרגן — די רעצענזיע איז אָפּגעדרוקט אין דער „אידישער שטימע". אין אַ קורצער צייט אַרום — נאָך אַ רעצענזיע.ביידע רעצענזיעס האָבן גע־האַלטן צוויי צענדליק שורות, אָבער פאַרן מחבר האָבן זיי זיך אַרויסגעוויזן אַזוי וויכטיק, בפרט, אַז זיי האָבן זיך געדרוקט נישט געקירצט און כמעט אָן שינויים.

פריער פלעגט שוין דער אויבנדערמאָנטער פעלמאַן אָפּט רעדן וועגן דעם, אַז בעל־מחשבות פרעגט זיך כסדר נאָך: „ווו זענען דאָס ביי אייך אין ריגע די, וואָס שרייבן? פאַרוואָס באַ־ווייזן זיי זיך נישט?" נאָך די צוויי רעצענזיעס האָב איך שוין באַקומען מער מוט און אין איינעם אַ סוף־זומערדיקן טאָג אַוועק אין רעדאַקציע מיט אַ קאָנוווערט, אין וועלכן עס האָבן זיך געפו־נען אַ ביסל יוגנט־זינד, עטלעכע שירים... אָבער קוים אַריבער־געטרעטן די שוועל פון דער רעדאַקציע, איז דער גאַנצער קוי־ראַזש פאַרשוווּנדן געוואָרן און פ. האָט מיך כמעט איבערגעוואַלט אַריינגעשטופּט צו בעל־מחשבות אין קאַבינעט. אַריין אין קאַבי־נעט, צוגעגאַנגען צום טיש, ווו בעל־מחשבות איז געזעסן, האָב איך זיך שוין מיט אים באַגריסט, ווי מיט אַ באַקאַנטן און אָן ווערטער אַרויפגעלייגט דעם קאָנווערט אויפן טיש.

— איר האָט געבראַכט מאַנוסקריפּטן? — פרעגט ער מיך.

— יאָ.

— וואָס שרייבט איר?

— שירים...

— גוט, לאָזט איבער, כ'וועל איבערקוקן.

— אויף ווידערזען, — האָב איך אַרויסגעשאָסן.

— אויף ווידערזען, — שטרעקט ער מיר אויס די האַנט.

כ'האָב זיך נאָכדעם נישט געקאָנט מוחל זיין: ס'טייטש, צוּוואָס האָב איך דאָס געדאַרפט גיין דרייען אים אַ קאָפּ מיט מיי־נע שרייבעכצן!

אין אַ געוויסער צייט אַרום איז געקומען די אמתע איבער־

ראַשונג. ס'איז געווען ערב-סוכּות (דער טאָג געדענקט זיך זייער גוט). די „אידישע שטימע" איז אַרויסגעגאַנגען נאָכמיטאָג. איך עפן אַ צייטונג און אין דער סאַמע ליטעראַרישער ביילאַגע געפין איך מיינס אַ שיר, אָפּגעדרוקט אונטערן פולן נאָמען (די רעצענזיעס האָב איך געהאַט אונטערגעשריבן מ. מ. ק.). אמת, אינגאַנצן האָט דער שיר אַנטהאַלטן אַכט שורות, נאָר ווער קאָן איבערגעבן די איבערלעבענישן פון אַן אָנפאַנגער, וועלכער זעט צום ערשטן מאָל געדרוקט זיין נאָמען און דערצו נאָך אין דער ליטעראַרישער ביילאַגע, און נאָכמער — אונטער דער רעדאַקציע פונם בעסטן יידישן קריטיקער! דאָס באַדייט דאָך, נישט מער און נישט ווייניקער, ווי אַריינקומען אין דער משפּחה פון פּרץ, שלום-עליכם, מענדעלע, פרישמאַן און נאָך העכער: פאַרוואָס נישט שעקספּיר, היינע און ווער ווייסט זיי ווער נאָך... און ווער קאָן דאָס דערציילן די פאַנטאַזיעס און האָפענונגען, וואָס דערוועגן זיך אין יענעם דערהויבענעם צושטאַנד! די צוקונפט איז אינגאַנצן איינגעהילט אין ראָזע שלייערן. כ'זע זיך שוין, ווי אַ באַשטענדיקער מיטאַרבעטער פון דער „אידישער שטימע" און זיך שוין אין דער פאַנטאַזיע ביי בעל-מחשבותעס רעכטער האַנט, שיעור נישט ווי בן-אליעזר אָדער איזידאָר לאַזאַר...

נאָר די „אידישע שטימע" האָט זיך אָפּגעשטעלט נאָך צוויי חדשים עקזיסטענץ. דאָס איז געווען אין אַ האַרבסטיקן נאָך-סוכּותדיקן טאָג, ווען מ'האָט מודיע געווען די לייענער, אַז מחמת טעכנישע סיבות ווערט די צייטונג ד ע ר ו ו י י ל אָפּגעשטעלט און אין דער נאָענטסטער צייט וועט זי ווידער אָנהייבן אַרויסצוגיין. דער „דערווייל" איז שוין עטלעכע און צוואָנציק יאָר...

דערציילט האָט מען, אַז בעל-מחשבות איז שמחת-תּורה געקומען אין מנין, וואָס האָט זיך געפונען אין „עבריה", און בעת די הקפות האָט אים דער עולם אַרומגערינגלט און געזונגען „בעל-מחשבות (אַנשטאָט „יודע מחשבות") הושיעה נא!"...

בעל-מחשבות איז געבליבן וווינען אין ריגע. ער האָט פאַרנומען אַ וווינונג מיט גרויסע צימערן אין דעם גרויסן הויז אויף

ראַמאַנאָוו-גאַס, וואָס גייט אַרויס אויף נאָך צוויי גאַסן: קורמאַ-נאָוו און שפּרענק-גאַס. ער האָט גערעכנט אין ריגע זיך צו פאַר-נעמען מיט פּראַקטיק אַלס דאָקטאָר-מעדיצין. קיין גרויסע פּראַקטיק האָט ער, דאַכט זיך, נישט געהאַט, הגם ער האָט אין ריגע גע-לעבט אַ רעכט לאַנגע צייט.

3

נאָכדעם ווי די „אידישע שטימע" האָט אויפגעהערט צו דער-שיינען, זענען זיך די געקומענע מיטאַרבעטער פונאַנדערגעפאָרן. פאַרשטייט זיך, אַז דער וועג איז געווען קיין וואַרשע, ווו ס'זע-נען דערשינען יידישע צייטונגען און ס'זענען געווען יידישע פאַר-לאַגן. י. אַ. לייזעראָוויטש האָט אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין „אונ-זער לעבן", וועלכער איז דעמאָלט שוין געגאַנגען שוואַך און האָט געהאַט זייער ווייניק מיטאַרבעטער. לייזעראָוויטש האָט אַריינגע-צויגן אויך בעל-מחשבותן, וועלכער האָט פון צייט-צו-צייט דאָרטן פאַרעפנטלעכט זיינע אַרטיקלען. אַ באַזונדערס שטאַרקן איינדרוק האָט געמאַכט זיינס אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען „ווען עס ווערט פינסטער". ס'איז געווען אַ לירישער געדיכט אין פּראָזע, אַ חשבון-הנפש פון אַ יידישן אינטעליגענט, וואָס פאַרטראַכט זיך אינם בין-השמשות, ווען עס ווערט טונקל, געשריבן מיט אַ סך שטימונג. בעל-מחשבות האָט דעמאָלט אין דעם אַרטיקל אַרויסגעזאָגט אַ סך ווייטיקן, וואָס האָבן אים געדריקט. אַריינגעקומען אַמאָל צו אים מיטן פלומרשטן אויסרייד אָפּצונעמען ביי אים עטלעכע מאַנו-סקריפּטן, האָט ער מיר פאָרגעלייענט דאָס אַרטיקל מיט אַ באַזונ-דערער אינטאָנאַציע.

פון דעמאָלט אָן בין איך כסדרמאָל אַריינגעקומען צו אים אין שטוב, אָפט ביי אים באַקומען אַ נייַ בוך צו לייענען. אַמאָל האָט ער באַוויזן אַ קאַרטל פון ש. ניגער, וואָס שרייבט אים, אַז זיינע „שטריכן און געדאַנקען" (אַ רייע אַרטיקלען, וואָס ב. מ. פלעגט

פון צייט-צו-צייט שרייבן) זענען קליינע קונסט-ווערק. בעל-מחשבות איז געווען זייער צופרידן פון די עטלעכע גוטע ווערטער.

אין זומער 1911 בין איך געשיקט געוואָרן דורך אַ פאַרוואַלטונג פון אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַריין קיין וואַרשע צוליב אַ געווויסן ענין. כ'האָב באַדאַרפט פּועלן ביי דער דאָרטיקער יידישער פּרעסע, מען זאָל אויסמוסרן דיגע באַלעבאַטים-מייסטערס פון אַ פאַך, וואָס האָט געשטרייקט, און זיי האָבן געפּלאַנט צו ברענגען פון טיף-רוסלאַנד קריסטלעכע שטרייקברעכער, ווי אויך וואָרענען וואַרשעווער יידישע אַרבעטער, זיי זאָלן נישט פאָרן קיין ריגע אויף אַרבעט. בעל-מחשבות האָט מיר מיטגעגעבן אַ קאַרטעלע צו ש. ראָזענפעלדן, דעם רעדאַקטאָר פון „פריינד", ער זאָל מיר אַנטקעגנקומען. מיט הלל צייטלינען האָט בעל-מחשבות דעמאָלט געפירט אַ שאַרפע פּאָלעמיק, האָט ער מיך נישט געקאָנט רעקאָמענדירן צו אים. אין וואַרשע אָבער, איידער איך בין געווען ביי ראָזענפעלדן, בין איך אַוועק צו צייטלינען, אים דערציילט די געשיכטע און ווי אַ רעקאָמענדאַציע אים געוויזן דאָס קאַרטעלע פון בעל-מחשבות צו ראָזענפעלדן. צייטלין האָט תיכף אָנגעשריבן אין „מאָמענט" אַ פּאָסיק אַרטיקל; ראָזענפעלד האָט דעם ענין איבערגעגעבן איינעם פון זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער, וועלכער האָט אויך רעאַגירט אויפן געהעריקן אופן מיט אַ גרויס אַרטיקל אין „פריינד".

איך האָב זיך אין וואַרשע פאַרהאַלטן לענגער, ווי כ'האָב גערעכנט. איינמאָל גיי איך אויף די נאַלעווקעס, ערשט עס גייט בעל-מחשבות מיט אַן עלטערן קליינוווקסיקן מענטש, מיט אַ קורץ-געשוירן גרוי בערדל, אָנגעטון אין אַ העלן זומער-קאָסטיום און אַ פּאַנאַמע-הוט. לויט די פאָטאָגראַפיעס האָב איך דערקענט, אַז דאָס איז יעקב דינעזאָן. כ'האָב אָבער נישט געהאַט קיין העזה צוצוגיין צו זיי... דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו זען דינעזאָנען.

מ'האָט געהאַט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט בעל-מחשבותן וועגן אַרויסגעבן אין ריגע אַ וואָכנבלאַט. ער האָט זיך אויך אַרומ-

געטראָגן מיטן דאָזיקן געראַנק. ער האָט דאָס אָבער נישט גע־וואָלט מאַכן גלאַט אַזוי, אין דער לופטן. בעל־מחשבות האָט גע־האַלטן, אַז מען דאַרף פריער איינבירגערן דעם געדאַנק דורכן אַרויסגעבן עטלעכע יום־טוב־בלעטער, און דורך דעם וועט נאָכ־דעם אויסוואַקסן אַ באַשטענדיק וואָכנבלאַט. אַ ריגער דרוקער האָט זיך געהאַט איינגעשפּאַרט, אַז ער וויל תּיכּף מאַכן דעם פּרווו. מ'האָט אפילו שוין געהאַט אויסגעזעצט אַ נומער. בעל־מחשבות האָט געגעבן זיינס אַ „ליטעראַריש געשפּרעך" וועגן דעם אַמערי־קאַנער יידישן שרייבער און דראַמאַטורג ל. קאָברין. פונם גאַנצן ענין איז אָבער גאָרנישט אַרויסגעקומען און ס'איז אפילו נישט אַרויס קיין איין נומער. בעל־מחשבות האָט נאָך מער אָנגעהויבן צו רעדן וועגן יום־טוב־בלעטער און האָט מיר פאָרגעלייגט זיך צו נעמען צו דער אַרבעט. ער וועט דערצו מיטהעלפן.

דערווייל מאַכט זיך, אַז לאַצקי־בערטאָלדי איז געקומען אויף אַ באַזוך צו זיינע קרובים אין ריגע. האָט בעל־מחשבות אָפּגע־רעדט מיט מיר, אַז אין אָוונט זאָל איך קומען צו לאַצקין, ער וועט דאָרט אויך זיין, וועלן מיר רעדן וועגן די יום־טוב־בלעטער. לאַצקי האָט דעמאָלט זיך אויפגעהאַלטן אין זאַסנהאָף (אַ ריגער פאָרשטאָט). זענען מיר אינאָוונט געקומען אַהינצו. דאָרט איז אויך געווען דר. מ. פינעס, דער מחבר פון „דער געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור". ער איז געווען אַ ריגער איידעם. מען האָט גערעדט וועגן פאַרשידענע ענינים. ס'איז אויך אויפגעשווומען די פראַגע וועגן די נאָענטע ראַבינער־וואַלן. דר. י. ל. קאַנטאָר, וועלכער איז דעמאָלט געווען ריגער ראַבינער, האָט געהאַט אַ קעגנערשאַפט. דר. פינעס האָט געזאָגט גאַנץ אָפן בעל־מחשבותן, אַז מען רעדט זייער שטאַרק וועגן אַרויסשטעלן זיין קאַנדידאַטור. בעל־מחשבות האָט אים געענטפערט, אַז ער האָט פונקט פאַרקערטע ידיעות, אַז מען וויל דר. פינעסן פאַר אַן אויבער־ראַבינער. דר. פינעס, וועלכער איז געווען אַ רייכער איידעם, האָט זיך אין דער ראַבינער־שטעלע, פאַרשטענדלעך, נישט גענייטיקט, וועגן וואָס ער האָט תּיכּף מודיע געווען און צוגעגעבן, אַז בעל־מחשבות

וואָלט געווען דער פּאָסיקסטער מענטש פאַר דעמדאָזיקן פּאָסטן, אין פאַל, אויב דר. י. ל. קאַנטאָר וועט מוזן אַוועקגיין. מ׳האָט אויך גערעדט וועגן ליטעראַרישע ענינים און ס׳איז געבליבן, אַז מ׳דאַרף אַרויסגעבן די ערשטע צייט הומאָריסטישע יום-טוב-בלע-טער. לאַצקי האָט טאַקע נאָכדעם געגעבן אַ שאַרפזיניקן פעליעטאָן, אין וועלכן ער האָט כאַראַקטעריזירט די ליפּלענדישע און קורלענ-דישע יידן, וואָס האָבן נישט קיין בולטן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. ער האָט זיך געהאַט אונטערגעשריבן „וועלוועלע שלאָקער". דער-דאָזיקער פעליעטאָן איז שפּעטער געווען געדרוקט אין „פריינד".

ס׳איז אַוועק אַ געוויסע צייט נאָך יענעם אָוונט, באַקום איך איין טאָג פון בעל-מחשבותן אַ מאַנוסקריפּט מיט אַ דרינגענדיקע בקשה אים איבערצושרייבן וואָס גיכער אין עטלעכע עקזעמפּליאַרן. דער מאַנוסקריפּט איז אַדרעסירט געווען צו די וואַרשעווער צײַ-טונגען „דער פריינד", „היינט", „מאָמענט" און „הצפירה". אַ הייסע ווענדונג צו די רעדאַקטאָרן פון די אויבנדערמאָנטע צײַ-טונגען, זיי זאָלן זיך אָננעמען די קריוודע פונם אָנגעזעענעם שריפטשטעלער און גרויסער פערזענלעכקייט דר. י. ל. קאַנטאָר, וועלכן געוויסע ריגער תּקיפים ווילן דורכוואַרפן ביי די נאָענטסטע וואַלן. די ווענדונג איז געווען געשריבן מיט אַ סך הארץ און טי-פער קאָלעגיאַלער צוגעבונדנקייט צום דר. קאַנטאָר... אַזוי האָט בעל-מחשבות רעאַגירט אויף די שטימונגען פון דער ריגער יידי-שער געזעלשאַפטלעכקייט אים צו פאַרבייטן אויף דר. קאַנטאָרן אַלס אויבער-ראַבינער...

אין עטלעכע טעג נאָכן אָפּשיקן די ווענדונג זענען מיר מיט בעל-מחשבותן געגאַנגען אין גאַס קויפן וואַרשעווער בלעטער, און ווי גרויס איז געווען זיין פרייד, ווען אין „פריינד" איז וועגן דעם ענין געווען אַ לייט-אַרטיקל פון ש. ראָזענפעלד. די אַנדערע צייטונגען האָבן, דאַכט זיך, נישט אָפּגערופן זיך אויף דער ווענדונג.

אויך בעל-מחשבות האָט אָנגעשריבן פאַרן יום-טוב-בלאַט, וואָס דאַרף דערשיינען, אַ רעכט גרויסן פעליעטאָן אין אַ הומאָ-

ריסטישן טאָן. מיר האָבן באַקומען אַ פּאָר מאַנוסקריפּטן פון אַנ־דערע ריגער, וואָס האָבן געהאַלטן אַ פען אין האַנט און, לויט דער דרינגלעכער אויפפאָדערונג פון בעל־מחשבותן, בין איך אַרום פּורים־צייט אין יאָר 1912 געפאָרן קיין ווילנע, כדי דאָרטן אָפּצו־דרוקן אַ הומאָריסטיש פּסח־בלאַט פאַר ריגע. בעל־מחשבות האָט צוגעזאָגט צו שאַפן די ווייטערדיקע מאַטעריאַלן און די נייטיקע געלט־מיטלען, תיכף ווי איך וועל אים נאָר צושיקן די סמעטע.

פונקט דעמאָלט דאַרף זיך טרעפן, אַז מען אַרעסטירט בעל־מחשבותן, וועלכער האָט געדאַרפט אָפּזיצן צוויי חדשים תפיסה פאַר אַן אַרטיקל איבער דער באַרימטער ס. ר.־ישער טעראָריסטין מאַריאַ ספּירידאָנאָוואַ, וואָס איז אַריין אין זיינע געזאַמלטע ווערק. פאַרשטענדלעך, אַז מיטן גאַנצן ענין פּסח־בלאַט איז שוין גאָרנישט געוואָרן. איך בין דעמאָלט געבליבן אין ווילנע, ווו כ'האָב אָנגע־הויבן צו אַרבעטן אין „טאָג" און אין אַ. ליטווינס זשורנאַל „לעבן און וויסנשאַפט". כ'האָב נאָך איינמאָל געזען בעל־מחשבותן אין ווילנער צירק בעת אַ פאָרשטעלונג פון פישזאָנס טרופּע. בעל־מחשבות האָט זיך דעמאָלט אָפּגעשטעלט אין ווילנע אויף זיין רייזע קיין וואַרשע, האָט ער באַזוכט דאָס יידישע טעאַטער און איז בעת דער הפסקה אַריינגעגאַנגען הינטער די קוליסן זיך באַ־קענען מיט די אַקטיאָרן.

# אין קיעוו

דאכט זיך, אַז דאָס איז געווען אין אַ פרילינג־אָוונט אינם יאָר 1919 אין קיעוו. אויף דער גרויסער וואַסיליעווקער גאַס שטעלט מיך פּלוצלינג אָפּ ש. ק. שנייפּאַל, מיין געוועזענער רעדאַקטאָר פון „טאָג” אין ווילנע. ער גייט מיט אַ שלאַנקן הער, אויף וועלכן אין ווענד נישט קיין אויפמערקזאַמקייט. שנייפּאַל שמייכלט פאַרדעכטיק און טוט מיך אַ פרעג:

— איר קענט דעם מענטש?

איך הייב אויף די אויגן:

— ד”ר עליאַשעוו!

— יאָ, דאָס בין איך, — שטרעקט ער מיר אויס פריינטלעך די האַנט.

שנייפּאַל איז שוין רעכט לאַנג געווען אַוועק פון דער זשורנאַליסטיק. צוזאַמען מיט זיין יינגערן ברודער האָט ער געאַרבעט ביי דער סאָוויעטן־מאַכט אויפן ווירטשאַפטלעכן געביט. ער האָט זיך אָבער געפילט פעסט פאַרבונדן מיט זיינע געוועזענע קאָלעגן, וועלכע ער האָט שטאַרק מקרב געווען. ער האָט געהאַט אַ נאָענטע שייכות צום דעמאָלטיקן געהילף פון לונאַטשאַרסקין, זרח גרינבערג, וועלכער האָט אַ סך מיטגעהאָלפן דער בילדונגס־און קולטור־אַרבעט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג און האָט קיין חילוק נישט געמאַכט צווישן איינעם און דעם אַנדערן. שנייפּאַל האָט טאַקע דעמאָלט אַרויסגעגעבן אַ נומער פונם זשורנאַל „קאַמף און לעבן”, וואָס איז געגאַנגען אונטער דער אָפיציעלער אונטערשריפט פונם בילדונגס־קאָמיסאַריאַט פון ר.ס.פ.ס.ר., ווי סאָוויעטן־רוסלאַנד האָט דעמאָלט זיך גערופן. אינם דאָזיקן נומער, וואָס האָט זיך געדרוקט אין קיעוו, איז געווען אַן אַרטיקל פון בעל־מחשבות איבער דער

באַרימטער דייטשישער ליטעראַרישער גרופּע „די שטורעמפויגל", וואָס זענען בעת דער מלחמה אַוועק אין דער שווייץ, פונוואַנען זיי האָבן געשטורעמט קעגן דער מלחמה און דעם רעזשים אין דייטשלאַנד.

בעל־מחשבות האָט דערציילט, אַז ער קומט איצט פון פּאָלטאַווע, ווו ער איז געווען ביי זיינע קרובים און איצט רעכנט ער זיך צו באַזעצן אין קיעוו. ער ווייסט נישט, צי אויף לאַנג, אָבער דאָך האַלט ער קיעוו פאַר אַ פּאַסיק אָרט פאַר זיך.

די פאַרלאָפענע יאָרן האָבן געהאַט געלייגט זייער שטעמפּל אויף אים. דער מידער בליק פון די אויגן איז געווען נאָך אומעטיקער, די אונטערשטע ליפּ איז אַראָפּגעהאַנגען, דער גאַנג איז שוין אויך נישט געווען אַזאַ זיכערער און רויִקער ווי מיט יאָרן צוריק. ביי אים זענען אַ פוס מיט אַ האַנט געווען נישט אין אָרדענונג, דער רעזולטאַט פון אַן אַטאַק (שלאַג). ער האָט פאַר דער צייט געהאַט איבערגעלעבט אַ פּערזענלעכע פאַמיליען־טראַגעדיע, וועגן וועלכער ער האָט גערעדט מיט גרויס ביטערניש, הגם ס'זענען שוין אַריבער עטלעכע יאָר.

איידער בעל־מחשבות איז געווען אין פּאָלטאַווע, האָט ער געלעבט אינם דעמאָלטיקן פּעטראָגראַד, וואָס האָט דורכגעמאַכט זייער שווערע צייטן. בעל־מחשבות איז דאָרט לעצטנס געווען אַ לעקטאָר אינם יידישן אוניווערזיטעט, וואָס האָט אַ ביסל פאַרלייכטערט זיין לאַגע דורך די „פּאַיאָקס", וואָס מען האָט געהאַט אַרויסגעגעבן. ער האָט דערציילט ווי אַזוי ער מיט זיין זון, אַ בחורל פון אַ יאָר עלף, זענען אַריבער ווינטער אין קיך, ווייל אין אַלע צימערן פון זייער דירה איז געווען קאַלט און ס'איז נישט געווען מיט וואָס צו הייצן. דאָרט פלעגט צו אים קומען דער באַרימטער מאָלער שאַגאַל, וועלכער האָט טאַקע אין קיך גופא געמאָלן זיין פּאָרטרעט. בעל־מחשבות האָט זיך געהאַט שטאַרק באַפריינדעט מיט שאַגאַלן, און שפּעטער, אין יאָר 1921, ווען מאַרק שאַגאַל האָט זיך געקליבן אַריבערצופאָרן פון מאָסקווע קיין בערלין, האָט ער זיינע מאָלערייען פריער אָפּגעשיקט צו בעל־מחשבות,

וועלכער איז שוין געווען אין קאָוונע. מיט אַ רעכט ביסל הומאָר האָט בעל-מחשבות געשילדערט דאָס דעמאָלטיקע לעבן אין פּעטראָ-גראַד (אין דער צייט פון מיליטערישן קאָמוניזם) מיט די רויכערנ-דיקע קליינע בלעכערנע אייוועלעך און די „פּאַיאָקס". ער האָט דערביי גוטמוטיק אָנגעוויזן אויף אַ לייוונטענער טעקע, וועלכע ער האָט שטענדיק געטראָגן מיט זיך:

— איר ווייסט גאָרנישט, וואָס פאַר אַ וויכטיקע עובדה די טעקע האָט געהאַט. זי איז שיער נישט געווען מיין שפּייזער. מיט איר אין האַנט בין איך יעדן טאָג אַרויס אין גאַס, געקומען צו אַ באַקאַנטן, האָב איך ביי אים באַקומען אַ הערינג, איינגעפּאַקט אין דער טעקע, אַוועק צו אַ צווייטן, אים געגעבן אַ האַלבן הערינג און באַקומען ביי אים עטלעכע שטיקלעך צוקער, וואָס אַ טייל פון זיי האָב איך ביי אַ דריטן אויסגעביטן אויף אַן אוגערקע, נאָכ-דעם אַ האַלבע אוגערקע אויף אַ שטיקל קעז און אַזוי ווייטער. בקיצור: איך בין אין אָוונט געקומען אַהיים מיט כּל-טוב און אַלץ אין דער טעקע. אָט אַזאַ גרויסע ראָלע האָט עס געשפּילט, אָט דאָס לייוונטענע זעקל...

בעל-מחשבות איז דעמאָלט געבליבן וווינען אין קיעוו, אין אַ געדונגען מעבלירט צימער. ער האָט אָבער מיטגעמאַכט אין קיעוו קאַלט און וואָרעם. די אָפטע בייטעניש פון דער מאַכט מיט די אַלע דערשיינונגען, וואָס באַגלייטן זיי, די אָפּגעריסנקייט פון דער גרויסער וועלט און דער מאַנגל אין אַ סך נייטיקע זאַכן, האָבן אים אויך נישט אויסגעמיטן. דערצו איז אים נאָך אויסגעקו-מען צו ליידן פון דער אַרומיקער קאַלטקייט.

בעל-מחשבות, ווי באַוווּסט, איז געווען געשטימט ציוניסטיש און די הויפּט-ראָלע האָבן דעמאָלט אין קיעוו געשפּילט די יידי-שיסטן און בכלל די לינקע עלעמענטן, וואָס האָבן אויף אים גע-קוקט קרומלעך. ס'איז דעמאָלט בכלל געווען אַן אויפלעבונג פון דער יידישער קולטור און ליטעראַטור. אין קיעוו האָט זיך גע-שאַפן אַ רעכט גרויסע ליטעראַרישע און קינסטלערישע סביבה, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דער „קולטור-ליגע" און די

סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. הגם בעל־מחשבות האָט כּסדר פֿאַרבראַכט מיט די אַלע מענטשן פֿון אָט דער סביבה, איז אויסגעקומען אָפּט צו הערן טענות צו אים און טיילמאָל נישט גאָר אומגערעכטע. אַזוי, למשל, האָט מען צו אים געהאַט טענות הלמאַי האָט ער צופֿיל אידעאַליזירט די יידישע ליטעראַטור און אירע שעפֿער און האָט קיינמאָל נישט געשטעלט קיין פֿאָדערונגען צו זיי און זיך נישט פֿאַרטיפֿט אין קיין סאָציאַלע פּראָבלעמען. נעמענדיק אין באַטראַכט פֿון איין זייט — דעם איבערבראָך, וואָס איז יענע יאָרן פֿאָרגעקומען אין דער יידישער פּאָעזיע דורך אשר שוואַרצמאַן, דוד האָפֿשטיין, לייב קוויטקאָ און פּרץ מאַרקיש, ווי בכלל די שטורעמדיקע צייט, וואָס האָט יעדן טאָג אַרויסגערוקט נייע מאָטיוון און טענער, און פֿון דער אַנדערער זייט — דעם ליריש־ראָמאַנטישן עסטעט, אינדיווידואַליסט און שטימונגס־מענטש בעל־מחשבות — קאָן מען פֿאַרשטיין די סיבה פֿון דערדאָזיקער פֿאַרפֿרעמדקייט, וואָס האָט געהערשט צווישן אים מיט דער גרופּע קיעווער ליטעראַטן. אָבער די אויפֿריכטיקע, ערלעכע נשמה זיינע, די פֿיינע פּערזענלעקייט און דער באָהעמע־מענטש אין אים האָט גורם געווען דערצו, אַז דאָס אייז איז דאָך געבראָכן געוואָרן, און ער האָט זיך דערנענטערט צו די קיעווער ליטעראַטן. אין געוויסע קרייזן אָבער האָט מען נאָך אויף אים געקוקט מיט פֿאָראורטיילן. ס'איז נאָך פֿריצייטיק אַלץ צו דערציילן פֿון יענער צייט און אויפֿצודעקן פּערזאָנען און זייערע נישט־קאָרעקטע באַציונגען צו אים, וואָס האָט אויף אים און זיינע נאָענטע נישט־אָנגענעם געווירקט.

די אַכטונג און פֿאַרערונג, וואָס מ'האָט צו אים געפֿילט, האָט זיך אַרויסגעוויזן גאַנץ בולט שפּעטער, פּסח־צייט פֿון יאָר 1920, ווען בעל־מחשבות האָט זיך געקליבן צו פֿאַרלאָזן קיעוו. דאָס איז געווען פֿאַרן פּוילישן אָנגריף אויף קיעוו. אַ גרופּע שרייבער האָבן באַשלאָסן איינצואָרדענען לכּבוד בעל־מחשבותן אַ געזעגענונגס־באַנקעט. די אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיסיע איז באַשטאַנען פֿון דוד בערגעלסאָן, דער נסתּר און דעם שרייבער פֿון די שורות. די צייט אין

דעמאָלט געווען אַ שטורעמדיקע. די סאָוויעטן־מאַכט, וועלכע האָט נישט לאַנג געהאַט פאַרטריבן דעניקינס אַרמיי און האָט איצט גע־פירט אַ מלחמה מיט פוילן, איז נאָך אין קיעוו נישט געווען פעסט באַזעצט. בכלל איז נאָך געווען די צייט פון מיליטערישן קאָמו־ניזם. פון 12 אינאָוונט ביז 6 אינדערפרי האָט מען נישט געטאָרט אַרומגיין אויף דער גאַס. קיין באַנקעטן, חוץ פאַרטייאישע, האָט מען אין קיעוו יענע יאָרן קיינעם נישט געמאַכט. מ׳האָט אפילו אין דער צייטונג נישט געגעבן קיין נאָטיצן, בעת עס איז געקו־מען עמעצער פון די אָנגעזעענע כלל־טוער אָדער שרייבער. מ׳האָט נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט פון דער איצטיקער מאָדע צו טרומיי־טערן אין די צייטונגען איבער פערזאָנען: וויכטיק איז געווען די זאַך, די אידעע. איבעריקנס, זענען די יידישע צייטונגען אין קיעוו אין יענער צייט אַלע געווען פאַרטייאישע, און אַז צו אַ פאַרטיי איז געקומען אַן אָנגעזעענער מיטגליד, האָט ער געגעבן איבער אַ וועלכער־עס־איז כלל־פראַגע אַן אַרטיקל פאַר דער צייטונג, אָבער נישט איבער זיך. פון אינטערוויוען איז שוין גאָר אָפגערעדט. דאָס קאַפּיטל צייטונגען פון יענער צייט איז בכלל זייער אַ מערק־ווירדיקס און נישט דאָ איז דאָס אָרט וועגן דעם צו רעדן.

איז דער באַנקעט פאַר בעל־מחשבותן איינגעאָרדנט געוואָרן אויף אַן אָריגינעלן אופן און אין אַ מערקווירדיק אָרט. אויף אַ באַנקעט ביי ליטעראַטן, האָט מען געוווּסט, וועט נישט קלעקן אַ צוויי־דריי שעה. אַזוי ווי נאָך צוועלף קאָן מען נישט אַרויסגיין אין גאַס, האָט מען באַשלאָסן צו מאַכן דעם באַנקעט פון צוועלף ביז זעקס אינדערפרי, ד. ה. אַ גאַנצע נאַכט. דאָס אָרט האָט מען באַשטימט די ליטעראַרישע קאַפע, אויף אַ געסל הינטער דער קיעווער שטאָט־דומע (סאַפּייעווסקע), ביי אַ גריך, ווו מ׳פלעגט זיך טעגלעך באַגעגענען ביי אַ קריגעלע טערקישער קאַווע. קיין משקה האָט מען אויך נישט געהאַט, ס׳איז געווען שטרענג פאַרבאָטן, הגם דער עולם האָט זיך אַן עצה געגעבן און פון ערגעץ־ווו באַקומען אַ ביסל „סאַמאָגאָנקע", וואָס עטלעכע האָבן אויסגעטרונקען איי־דער דער באַנקעט האָט זיך אָנגעהויבן. האָט מען לכתחילה געהאַט

באַשטימט, אַז דער עולם וועט פאַרברענגען בײַ אַ קריגעלע טערקישער קאַווע און ווער עס וועט וועלן צובײַסן, וועט זיך באַשטעלן אַ גלאָז זויערמילך („פּראָסטאָקוואַשע") מיט אַ זעמל, — דאָס זענען, אייגנטלעך, געווען די באַשטענדיקע געברויכס־אַרטיקלען פון קיעווער ליטעראַטן און קינסטלער, וואָס פלעגן גאַנצע טעג און אָוונטן אָפּזיצן בײַם גריך אויף סאָפּייעווסקאַ.

פאַר איין זאַך האָט מען מורא געהאַט: עס זאָל נישט ווערן לאַנגווײַליק, ווײַל מ'האָט דאָך געמוזט בלײַבן אין קאָפּע אַ גאַנצע נאַכט. האָט מען אײַנגעלאַדן אַ טייל מיטגלידער פון קיעווער ייִדישער דראַמאַטישער סטודיע בײַ דער „קולטור־ליגע". זיי וועלן שוין פאַרווײַלן דעם עולם. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז נישט נאָר נישט געווען לאַנגווײַליק, נאָר, פאַרקערט, מען איז געבליבן זיצן ביז אַכט אַ זייגער אינדערפרי, אָנשטאָט ביז זעקס. געווען איז די גאַנצע קיעווער ייִדישע באָהעמע פון יענער צײַט, הגם יעדערער פון זיי איז געווען פּרינציפּיעל זייער ווײַט פון בעל־מחשבותן. אַ מאַן דרײַסיק האָט זיך צוזאַמענגעקליבן אין דעם קליינעם קאַפּעלע, וואָס האָט געהאַט בסך־הכל איין צימער. דאָ זענען געווען: בערגעלסאָן, נסתּר, נחום שטיף, דאָברושין, יעקב לעשטשינסקי, האָפּשטיין, מײַזיל און אַנדערע שרײַבער און זשורנאַליסטן. די קינסטלער ריבאַק, טשייקאָוו, ראַנסאָן, טישלער, עפּשטיין און אַנדערע. אַלע האָבן זיך אָפּגערופן אויף די אײַנלאַדונגען, אויף וועלכע ס'איז אגב געווען אָנגעוויזן, אַז פאַר דרײַ פערטל צוועלף זאָל קיינער נישט קומען... ס'זענען אויך פאָרגעקומען קוריאָזן. אַ פאָר מאָל האָט אונז איבערראַשט די מיליטער־וואַך, וועלכע האָט געמיינט, אַז דאָ קומט פאָר אַ פאַרשווערונג קעגן דער מאַכט. די סיבה איז געווען, וואָס די אײַנאָרדנער האָבן באַקומען אַ דערלויבניש אויפן באַנקעט פון שטאָט־קאָמענדאַנט האָבן אָבער נישט מודיע געווען אין ראַיאָן־באַצירק. די איבערראַשונגען האָבן זיך אָבער פאַרענדיקט דערמיט, וואָס מ'האָט דעם פּאַטראָל אויך מכבד געווען מיט אַ קריגעלע הייסער טערקישער קאַווע און זיי זענען אַוועק. שפּעטער, אין יאָר 1923, אויפן יובי·

ליי-באַנקעט פון בעל-מחשבות אין בערלין, האָט דוד בערגעלסאָן וועגן דעם דערציילט אויף אַ הומאָריסטישן אופן אין זיין רעדע, ווי ער האָט דערמאָנט דעם קיעווער באַנקעט.

ס'איז איבעריק צו דערציילן, אַז אויפן דאָזיקן אייגנאַרטיקן באַנקעט האָבן זיך אַלע רעדעס געדרייט אַרום דער צענטראַלער פיגור — בעל-מחשבות. בכלל האָט זיך געהאַט אַנטוויקלט אַן אינטערעסאַנטע דיסקוסיע איבער די אויפגאַבן און וועגן פון דער ליטעראַטור און קונסט. אַן אַקטיוון אָנטייל אין די דעבאַטן האָט, פאַרשטענדלעך, אויך גענומען בעל-מחשבות.

נאָך פריער שוין האָט בעל-מחשבות געלייענט אַ פאָרטראַג אין קלוב פון די לינקע „פועלי-ציון" איבער דוד האָפשטיין. דער פאָרטראַג איז פאַר האָפשטיינען געווען אַ זייער גינסטיקער. אָבער מ'קאָן נישט זאָגן, אַז בעל-מחשבות האָט תיכף אָנערקענט די נייע ריכטונגען אין דער יידישער פּאָעזיע. אין אַ געוויסער מאָס האָט מען מיט אים געמוזט קעמפן פאַר דער אָנערקענונג. אַזוי האָט ער מאַרקישעס דיכטונג אפילו שפּעטער נישט אָנערקענט. אויך פון קוויטקאָס לידער האָט ער נישט שטאַרק געהאַלטן, ווייניקסטנס די ערשטע צייט.

אין קיעוו זענען געווען פאַרלאַגן, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן יידישע ביכער, אָדער האָבן אָפּגעקויפט מאַנוסקריפּטן. ס'איז געווען דער „קיעווער פאַרלאַג", וואָס האָט זיך שפּעטער פאַרוואַנדלט אין פאַרלאַג פון דער „קולטור-ליגע". ס'איז אויך געווען דער „פאָלקס-פאַרלאַג", וואָס האָט, הגם ווייניק ביכער אַרויסגעלאָזט, אָבער געקויפט מאַנוסקריפּטן אָריגינעלע און איבערזעצונגען אויף לינקס און רעכטס. שוין דעמאָלט האָט בעל-מחשבות באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ זאַמלונג אַרטיקלען, וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין דער צייט פון מלחמה און בירגער-קריג אונטערן טיטול „אונטערן ראָד". ווי באַוווּסט, איז דאָסדאָזיקע בוך אַרויס ערשט נאָך זיין טויט אין בערלין.

ווי שוין געזאָגט, האָט בעל-מחשבות דורכגעמאַכט אין קיעוו קאַלט און וואַרעם. אַ שווערע צייט איז דעמאָלט געווען. איבער

אוקראַינע איז דורכגעגאַנגען דער שטורעם פון רעוואָלוציע און בירגער־קריג. די מאַכט האָט זיך אין משך פון צוויי מיט אַ האַלב יאָר געביטן אַכצן מאָל! יעדער איבערגאַנג און ענדערונג האָט זיך אָפּגעשפּילט אויף די לעבנס און קעפּ פון די איינוווינער. יידן האָבן נאָכמער איבערגעלעבט איידער די אַנדערע. אַלע מאַכטהאָבער, פאַרכאַפּער, באַוואָפנטע באַנדעס און פויסטן האָבן זיך געשטרעקט צום צענטער, צו דעם האַרץ פון אוקראַינע, צו דעם פּראַכטפולן, שיינעם קיעוו. אַרום האָבן געבושעוועט באַנדעס, דער צענטער איז אָפּגעשניטן געווען פון דער פּראָווינץ וואָכן און חדשים. אין שטאָט איז אָבער נישט געווען קיין ברויט, קיין וואַסער און קיין ליכט. די ידיעות, וואָס זענען דערגאַנגען פון דער אומגעגנט, זענען געווען גאָרנישט קיין פריילעכע: פּאָגראָמען, הפקרות און רויבערייען. באַזונדערס אויף יידן. ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אַן אייביקע פינסטערע נאַכט האָט זיך אָנגערוקט. די האָפענונגען אויף בעסערע צייטן זענען פאַרשוווּנדן. באַזונדערס ביטער איז געווען אין האַרבסט 1919, בעת די ווייסגוואַרדייער פון פעטלוראַ און דעניקין זענען אַריין אין שטאָט און האָבן פאַרשפּרייט די פליגלען פון טויט און פאַרניכטונג איבער דער יידישער באַפעלקערונג. ס'איז דעמאָלט אויסגעקומען איבערצולעבן דעם דרייטאָגיקן פּאָגראָם, ווען זעקסהונדערט יידן זענען אומגעקומען. נאָר די גאַנצע צייט, וואָס די פרייוויליקע אַרמיי האָט זיך געפונען אין קיעוו, איז געווען אַ שטילער פּאָגראָם אויף דער יידישער באַפעלקערונג. מען האָט געלעבט אין אַ שטענדיקער טויט־שרעק און די נערוון זענען געווען אָנגעשטרענגט ביז דעם העכסטן, שוין נישט גערעדט פון דעם, וואָס ס'האָט כּסדר געפעלט דאָס סאַמע נויטווענדיקסטע.

פאַרשטענדלעך, אַז אויפן פיינפילן בעל־מחשבותן האָבן דידאָזיקע געשעענישן נאָך מער געווירקט און זיך שטאַרקער אָפּגערופן מחמת זיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד. אים איז שוין אפילו איינמאָל אויסגעקומען צו שטיין, מיט אַנדערע איינוווינער פון זיין הויף, ביים וואַנט, בעת אַן אָנפאַל פון שיכּורע מיליטערלייט.

ער איז אין יענער צייט געווען זייער צעבראָכן און האָט אויפגע־לעבט בעת ער האָט זיך געטראָפן מיט אַן אייגענעם מענטש. אויך די איינזאַמקייט האָט אים געדריקט און ער איז געווען זייער דאַנק־באַר, אַז מען האָט אַמאָל מיט אים פאַרברענגט שפּעט אינאָווענ־בײַ אים אין זיין איינזאַם צימער, אויף קליין וואַסילקאָווער גאַס. אַזוי שפּעט איז געווען אַ סכּנה צו גיין נעכטיקן אַהיים און מיר איז אַ פּאָר מאָל אויסגעקומען צו בלייבן נעכטיקן בײַ אים אויף דער קושעטקע, וואָס איז געשטאַנען קעגנאיבער זיין בעט. שפּעט פלעגט מען שמועסן בײַ אַ שיין, וואָס איז געקומען פון אַ שטיקל וואַטע אין אַ טעצל מיט בוימל. מ׳פלעגט טרינקען אַ גלאָז טיי מיט פּאָווידלע, צובייסן ברויט. טיי, ברויט מיט פּאָווידלע — דאָס איז שוין געווען אַ פירשטלעך אָונטברויט. נאָכדעם האָט מען גע־שפּילט אַ שאַך, דערבײַ פאַררייכערט אַ מער־ווייניקער גוטן פּאַ־פּיראָס — דאָס איז שוין גאָר געווען אַ גרויסער לוקסוס. נאָכדעם האָט מען זיך אויסגעטון, אויסגעלאָשן דאָס פייער און ליגנדיק איינגעקאָרטשעט, זיך וואַרעמענדיק אונטער דער קאָלדרע אין דעם נישט געהייצטן צימער, האָט מען נאָך לאַנג געשמועסט, ביז מען איז ענדלעך אַנטשלאָפן געוואָרן. בייטאָג האָט מען מיט שרעק געוואַרט אויפן מאָרגן. דערשלאָגן, מוטלאָז האָט מען זיך דעמאָלט געפילט, אָבער דאָך איז געווען עפּעס טרייסטנדיקס און אָנגענעמס אין דעם מענטש, וואָס האָט אַלעמען אונטערגעקויפט מיט אַ מין פּשטות און האַרציק־חברישער באַציאונג, הגם ער האָט אָפט זיך געפילט ערגער איידער די אַנדערע.

אַמאָל פלעגט ער גאָר בייטאָג אַריינקומען צו מיר אין צי־מער, כ׳האָב דעמאָלט געוווינט בײַ בערגעלסאָנס עלטערן ברודער, און מ׳פלעגט צוזאַמען מיט דוד בערגעלסאָן שפּילן אין קאָרטן. בעל־מחשבות, וועלכער האָט זיך תּמיד באַצויגן מיט לייכטקייט צו געלט, האָט גלייכגילטיק פאַרשפּילט אָדער געוווּנען און האָט נישט שטאַרק מקפּיד געווען אויפן שפּיל. מיר אָבער פלעגן זיך טיילמאָל נעמען אַרומרייסן, אָדער פאָדערן עפּעס צוליב אַ נאַרישקייט אײ־

בערצושפּילן, כּדי די צייט זאָל גיכער אַוועקגיין. דערבײַ האָט מען געררייכערט איין פּאַפּיראָס נאָכן אַנדערן.

בעל-מחשבות האָט תּמיד אָפּגעהיטן די געמיטלעכקייט און אויסערלעכע רויִקייט. זעלטן-ווען האָט ער געלאָזט אַרויסווייזן זײַן נערוועזיטעט אָדער אומצופרידנקייט מיט זײַן לאַגע. ער האָט זיך נישט געהאַלטן פאַר קיין אויסדערוויילטן און האָט מיט אַ פּילאָזאָפישער רויִקייט און זעלבּפאַרשטענדלעכקייט גערעדט וועגן דער אַלגעמיינער לאַגע, אין וועלכער ער האָט זיך אויך אַרײַנגעדרייט.

איינמאָל האָבן מיר אים געזען אין אַ געדריקטער שטימונג, ווען ער האָט זיך גופא געזידלט און זיך באַשולדיקט אין פּחדנות און אין מאַנגל אין אונטערנעמונגס-גייסט. דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען איינער פון די קיעווער קולטור-טוער האָט זיך אין די פינסטערע דעניקין-צייטן דורכגעריסן דורך דער גרענעץ און געבראַכט פון יענער זייט די נייטיקע געלט-מיטלען פאַר דער געזעלשאַפט. בעל-מחשבות איז אים מקנא געווען פאַר דער בּאַוואַגטקייט און דרייסטקייט און איז געווען אין כּעס אויף זיך גופא, פאַרוואָס ער קאָן נישט זײַן אַזוי. אין זײַן באַאיווקייט האָט ער פאַרגעסן, אַז פון די צענדליקער קיעווער ליטעראַטן, ייִנגערע און געזונטערע פאַר אים, האָט דאָס קיינער נישט געקאָנט באַווייזן, ווײַל דאָס איז אַ באַזונדערע פעיִקייט. בעל-מחשבות האָט זיך אָבער אַ געוויסע צייט נישט געקאָנט מוחל זײַן, הלמאי ער איז נישט אַזוי דורכגעטריבן און דרייסט...

בעל-מחשבות, וועלכער האָט געהאַט פאַרבינדונגען און אַ צוגאַנג צו די העכסטע געזעלשאַפטלעכע קרייזן, וואָס וואָלטן פאַר אים געווען אין אַ סך הינזיכטן אַ סך גינסטיקער, האָט אָבער זיך כּמעט אינגאַנצן געפונען אין די קרייזן פון דער באָהעמע. ס'איז געקומען צו רייד וועגן דעם, אַז פרישמאַן האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט, אַז ער האָט נישט קיין שום אינטערעס צו פאַרברענגען מיט באַלעבאַטישע ייִדן, אָדער סתּם מענטשן, ער מוז זיך תּמיד געפינען אין זײַן קרייז פון שרײַבער, הגם ער איז נישט

מיט אַלעמען צופרידן און נישט מיט יעדן קען ער זיך פאַרטראָגן. בעל-מחשבות האָט זיך דערצו באַצויגן מיט מיטגעפיל און האָט באַשטעטיקט, אַז ער איז אויך אַזוי.

מ'איז אַמאָל געזעסן אין קאַפע און גערעדט וועגן איינעם, וואָס בעל-מחשבות האָט אים באַצייכנט ווי אַן עטישע נאַטור. פּלוצלינג ווענדט ער זיך צו מיר:

— זאָגט מיר, בין איך אויך אַן עטישע נאַטור?

כ'האָב אויף אַ רגע אַ טראַכט געטון און אים תיכף געענטפערט:

— זיכער. יעדער אמתער עסטעט איז אין תוך אַן עטישע נאַטור.

ער האָט אינגאַנצן אויפגעלויכטן. הגם ער האָט זיך אוודאי נישט גענייטיקט אין מיין סמיכה, אָבער ווי יעדער אויפריכטיקער קינסטלער האָט ער זיך כסדר אַרומגעטראָגן מיט ספקות און ווייטיקן און אים איז אָנגענעם געווען צו הערן אַמאָל אַ גוט וואָרט.

אין דער צייט, וואָס די סאָוויעטן-מאַכט איז געווען אין קיעוו, זענען אַלע, ווי באַוווּסט, געווען ביי איר אָנגעשטעלט. ווער עס האָט געאַרבעט אין אַ צייטונג, ווער אין אַ פאַרלאַג, ווער עס איז געווען צוגעשריבן, צו אַ וועלכן ס'איז אָנשטאַלט. נישט זיין ערגעץ צוגעשריבן האָט געהייסן שטיין מחוץ למחנה, ווייל אַלע נייטיקסטע פּראָדוקטן האָט מען באַקומען דורך די אַנשטאַלטן אָדער שטאָטישע קאָאָפּעראַטיוון. אגב האָט מען דאָך באַדאַרפט עפּעס טון, כדי צו פאַרדינען אויף חיונה. אונז האָט מען געגעבן צו מאַכן איבערזעצונגען פון די רוסישע סאָוויעטישע אויסגאַבן און בעל-מחשבות האָט די איבערזעצטע ווערק געדאַרפט רעדאַקטירן. איבערזעצט האָט מען פאַרשידענע טעאָרעטישע, פּובליציסטישע ווערק, באַריכטן פון קאָנפערענצן, רעזאָלוציעס און אויפרופן.

איין אויפרוף האָט בעל-מחשבות אַליין איבערזעצט און אָנשטאָט צו שרייבן דעם טראַפאַרעטנעם „זאָל לעבן", האָט ער געשריבן אַ „למנצח": „אַ למנצח דער סאָוויעט-מאַכט". „אַ למנצח דעם סאָציאַליזם" און אַזוי ווייטער. איך האָב באַדאַרפט אָפּגעבן

די איבערזעצונגען און האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס וועט אין אַזאַ פאָרם נישט דורכגיין, פאַרקערט, דאָס קאָן נאָך ביי געוויסע פּערזאָנען אַרויסרופן אַן אומצופרידנקייט מיט זיין אַרבעט און מען קאָן אים נישט געבן קיין ווייטערדיקע אַרבעט. איך האָב אים אויסמערקזאַם געמאַכט אויף דעם, אַז מען שרייבט געוויינלעך: „זאָל לעבן". ער האָט אָבער געזאָגט, אַז „למנצח" איז מער פייערלעך און מען דאַרף דאָס איינפירן. איך האָב גענומען דעם מאַנוסקריפּט מיט זיך און אויפן וועג איבערגעמאַכט אויף „זאָל לעבן" און דאָס אָפּגעגעבן.

אין פרילינג 1920 איז געווען אַן אָנגריף אויף קיעוו און אַ רייע יידישע שרייבער האָבן נישט געהאַט קיין נערוון נאָכאַמאָל איבערצולעבן נייע בהלאָגערונגען. עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אַוועקגיין פון קיעוו. אַ טייל זענען אַוועק קיין מאָסקווע, קיין יעקאַטערינאָסלאַוו. בעל-מחשבות איז געבליבן אין קיעוו אָפּוואַרטן ביז עס וועט ווערן אַ ביסל רויִקער און מען וועט זען וווהין מען קאָן פאָרן. דאָס האָט געדויערט עפּעס מער פון אַ חודש. פון יעקאַטערינאָסלאַוו האָט זיך אַ גרופּע אומגעקערט צוריק קיין קיעוו.

די שיינע שטאָט האָט געהאַט אַ שרעקלעכן אויסזען. זי איז געווען פאַרחרובט און צעטרעטן פון די אַלע איבערלעבענישן פאַר די לעצטע פאָר יאָר. די עלעקטרישע סטאַנציע איז געווען צעשעדיקט, די אייזנבאַן-בריק אויפגעריסן. די שטאָט איז געווען אויסגעליידיקט, די זון האָט אָבער געשיינט, די ביימער האָבן געבליט און דער זומער האָט געשמייכלט מיט ליכט און וואַרימקייט.

וווהין גייט מען פון דער שיף, וואָס האָט זיך פון יעקאַטערינאָסלאַוו ביז קיעוו געשלעפּט פינף מעת-לעת? קלאָר, אַז מען גייט זוכן פריינט און חברים. דעם ערשטן טרעף איך בעל-מחשבותן.

— מיר האָבן נאָר-וואָס גערעדט וועגן אייך ביי בערגעלסאָנען, — דערציילט ער. — מערקווירדיק, איך האָב געזאָגט, אַז באַלד וועט זיך עפענען די טיר און איר וועט אַריינקומען... איצט האָב איך אייך געטראָפן.

ער עצהט מיר, איך זאָל צוגיין צו בערגעלסאָנען און נאָכ־דעם קומען צו איב. ער וווינט איצט אויף קיזנעצקער גאַס. קוויט־קאָ וווינט אויך אין דער זעלביקער דירה אין אַ גרעסער צימער.

— איר וועט קאָנען דערווייל נעכטיקן ביי קוויטקאָן אין צימער.

אַזוי איז געווען. איך האָב זיך איינקוואַרטירט ביי קוויטקאָן אין צימער. גאַנצענע נעכט פלעגן מיר פאַרברענגען אין דרייען אין געשפרעכן און דיסקוסיעס. מיר פלעגן זיך נאַכט אין נאַכט אַרומקריגן און אַרומרייסן. ער פלעגט אַנדערש מאָל מיט כעס אַרויסלויפן פון קוויטקאָס צימער און שוין מער נישט אַריינקומען. אונז פלעגט דאָס נאָכדעם וויי טון, וואָס מיר פאַרשאַפן אים פאַר־דרוס. פאַרשטענדלעך, אַז די קריגערייען זענען נישט געווען קיין פערזענלעכע, נאָר פרינציפיעלע. מיר פלעגן טיילמאָל מיינען, אַז מער וועט ער שוין מיט אונז נישט רעדן. אויף מאָרגן אָבער איז ער ווידער אַריינגעקומען דער ליבער, פריינטלעכער, האַרציקער, ווי עס וואָלט גאָרנישט נישט פאָרגעקומען צווישן אונז.

אין אַ כמורנעם זומער־טאָג האָט בעל־מחשבות פאַרלאָזט קיעוו מיטן דניעפּר. ער איז אַוועק צו זיינע קרובים קיין פאָלטאַווע.

דערמיט האָט זיך געענדיקט דאָס קאַפּיטל בעל־מחשבות אין קיעוו.

# אין קאָוונע

דאַס יאָר 1921. ס'הייבט זיך אָן די צוריקוואַנדערונג. פֿונם אויסגעשפּרייט־שטח פֿון דער ריזיקער רוסישער מדינה ציִען זיך עשאַלאָנען פּליטים צוריק קיין פּוילן, לעטלאַנד און ליטע. דער עיקר רייסט מען זיך אויף ליטע. דאַ האָבן יידן אַן אויטאָנאָמיע אַ יידיש מיניסטעריום מיט אַן אייגענעם מיניסטער און נאַציאָנאַל־ראַט. די לאַגע איז אַ האָפֿערדיקע און מען קערט זיך אַהיים מיט נייע האָפֿענונגען. צווישן די פּליטים זענען פֿאַראַן צענדליקער יידישע שרייבער, זשורנאַליסטן, קינסטלער, כּלל־טוער. מיטן חסד פֿונם יידישן נאַציאָנאַל־ראַט זענען זיי אַלע אַרונטער אונטער די פֿליגלען פֿון דער נייער מלוכה, ווו יידן האָבן גאָר אַ גרויסע דעה...

ווי אַזוי מען האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין די עשאַלאָנען, ווי אַזוי מ'האָט באַקומען אַן אַרויספֿאָר־דערלויבניש פֿון דאָרטן און אַריינפֿאָר־דערלויבניש דאָ, ווי אַזוי מען איז געפֿאָרן, וואָס מ'האָט דורכגעמאַכט אינם גאַנצן מנחם־מענדלישן וועג, ווי אַזוי מ'איז אָנגעקומען — צו דעם אַלעמען האָט מען באַדאַרפֿט האָבן שלום־עליכמען, דעם גרויסן מייסטער פֿונם יידישן טראַגי־קאָמיזם. אמת, אַ ביסל איז וועגן דעם געשריבן געוואָרן. דאָס איז אָבער נאָך נישט דאָס, וואָס נייטיק איז. דאָ באַדאַרף מען האָבן דעם קינסטלער, וועלכער זאָל אין עטלעכע טיפּן געבן די גאַנצע גרייס. די סדרה פֿון מטות־ומסעי, ווען צענדליקער טויזנטער און מערער האָבן זיך גענומען צום וואַנדער־שטעקן, זיך פֿלוצלינג פֿאַרשטעלט פֿאַר פֿרעמדע פֿון דער גרויסער רוסלענדישער מלוכה און האָבן גענומען שפּאַנען צו די גרענעץ־לענדער...

די נייע מושלים האָבן אָנגעשטעלט זיפּן און זיך באַמיט

דורכצוזיפן ריכטיק, ס'זאָל זיך חלילה נישט אַריינכאַפּן קיין פּסולת, קיין פרעמדע עלעמענטן, נאַטירלעך, וואָס ווייניקער יידן, אוו יידן זענען, ווי אויף צו־להכעיס, דווקא געקראָכן און זיך געריסן צום לאַנד פון ווייסער חלה און פרייען האַנדל. און דער האַנדל האָט טאַקע געבליט. ס'איז געווען די אמתע צייט פון „פּראָספּע־ריטי". די דייטשישע מאַרקן אין קאָוונע האָבן זיך געוואַלגערט אויף די גאַסן, כאָטש נעם אַ זאַק און קלויב זיי צוזאַמען. בלויז שלימזלניקעס האָבן נישט אָנגעקליבן קיין הויפנס דייטשישע מאַרקן...

סוף חודש יוני זענען דער נסתר, ד"ר מוקדוני, אַדוואָקאַט סלאָנים און דער שרייבער פון די שורות געפאָרן מיט אַן עשאַ־לאָן פון מאָסקווע קיין קאָוונע. דער וועג איז געגאַנגען דורך סע־בעזש, רעזשיצע, דווינסק און פונדאַנען קיין אָבעלי, דער ליטווי־שער קאַראַנטין. נישט דאָ איז דאָס אָרט אויסצורעכענען די אַלע וואָגלענישן און „אַנגענעמלעכקייטן", וואָס מ'האָט דורכגעמאַכט אין אַ משך פון עלף טעג נסיעה פון מאָסקווע ביז קאָוונע. אין אַ שיינעם, זומערדיקן פרייטיק נאָכמיטאָג זענען מיר אָנגעקומען אויפן קאָוונער באַנהויף.

וווהין גייט מען? — ס'איז גאָר בּיי קיינעם קיין שאלה נישט געווען. קלאָר, אַז צו בעל־מחשבותן! צוזאַמען מיט נסתרן און ד"ר מוקדוני האָבן מיר זיך געזעצט אויף דער דעמאָלט־באַרימ־טער „קאָנקע" און זיך אָוועקגעלאָזט צו בעל־מחשבות. ער האָט געוווינט דעמאָלט בּיי זיין מוטער שרה זאַלקעס, ווי מ'האָט זי גע־רופן אין קאָוונע, אין זייער אייגענעם הויז אויפן ווינקל ווילנער און יאַטקעווער גאַס. די דירה איז געווען אויפן צווייטן שטאָק, מיט גרויסע, רחבותדיקע חדרים, אויפן אַלטן, באַלעבאַטישן שטייגער.

בעל־מחשבות האָט אונז אויפגענומען מיט אַ הייסן סאַמאָ־וואַר. זיך געזעצט צו טיי, האָט מען זיך אַ ביסל דערציילט וועגן דעם, וואָס מ'האָט פאַר דער צייט דורכגעמאַכט, ווי אַזוי מ'איז געקומען, אָפּגעגעבן און אָפּגענומען גרוסן פון קאָלעגן, וואָס זענען

שוין געקומען פאַר אונז. געווען זענען שוין אַ רעכט ביסל: בער־געלסאָן, קוויטקאָ, קלמנאָוויטש, יעקב לעשטשינסקי, בן־אדיר, הירשקאָן, נחום שטיף, בן־אליעזר, דער קינסטלער ברוך אַראָנסאָן און אַנדערע. אַ טייל האָט שוין געווינט אויף זומער־וווינונגען. פאַר אים איז אונזער קומען נישט געווען קיין איבערראַשונג, ווייל אין צייטונג איז שוין מיט אַ פאָר טעג פריער געווען וועגן אונז, אַז מיר געפינען זיך אויפן וועג.

בעל־מחשבות האָט זיך אינגאַנצן געהאַט געענדערט, ווי־ניקסטנס אויסערלעך. ער איז געווען אויסגערוט, אויפגעמונטערט. דער עלעגאַנטער גרויער זומער־קאָסטיום מיט דעם ווייכן הוט האָבן אים צוריק פאַרוואַנדלט אין אַן אייראָפּעער. ער איז געווען אויפגעלייגט, האָט גערעדט וועגן פאַרשידענע פּלענער און פּערס־ספּעקטיוון, וועלכע האָבן זיך איצט באַוויזן דערמיט, וואָס די וועלט האָט זיך געעפנט און מען וועט זיך קאָנען באַוועגן.

בעל־מחשבות איז נישט לאַנג געווען געקומען פון ריגע, ווו ער איז געפאָרן לייענען אַ פאָרטראַג, האָט ער אָפּגעגעבן גרוסן פון דאָרטן און דערציילט וועגן דעם ווי אַזוי מ'האָט אים אויפגע־נומען און בכלל דעם מצב פון ריגע און איר געזעלשאַפטלעכקייט. ער האָט כאַראַקטעריזירט אַ ריי פּערזאָנען פון די קולטור־קרייזן. בכלל איז ער געווען צופרידן, וואָס ער האָט זיך אַ ביסל געקאָנט דורכפאָרן אין יענער צייט, ווען עס איז נאָך געווען שווער זיך אַרויסצורירן פון איין לאַנד אין דעם אַנדערן. הגם קיין גרויסע באַ־גייסטערונג פאַר ריגע האָט ער נישט געהאַט, באַזונדערס האָט אים ריגע דערמאָנט די אומאָנגענעמע צייט, ווען נאָך דער „אי־דישער שטימע" האָבן זיך דאָ אָנגעהויבן פאַר אים זיינע פּאַמי־ליען־צרות.

אַ ביסל זיך אויסגערוט, זיך אויסגעשמועסט, האָט ער נכתרן אָפּגעשיקט מיט אַ רעקאָמענדאַציע ערגעץ אין אַן אכסניה, דר. מוקדונין — אין דער דירה, ווו הירשקאָן האָט געווינט, און מיך האָט ער איבערגעלאָזט ביי זיך:

— איר זענט מיין גאַסט און בלייבט ביי מיר, — האָט ער

געזאָגט און צוגעגעבן: — דאָס איז, חוץ אַלץ, אַ באַלוינונג פאַר די פונטן ברויט אין קיעוו.

האָב איך מיך דערמאָנט: אין קיעוו איז אין רעדאַקציע געווען אַ יינגל, וואָס זיין מוטער האָט געבאַקן ברויט (אַ זאַך, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ יקר-המציאות, בפרט נאָך היימיש-געבאַקן ברויט). אַזוי ווי מיר זענען מיטן יינגל געווען אין גוטע באַציאונ-גען, האָט ער, אין דער צייט, ווען ברויט איז נישט געווען בנמצא, מיר יעדן טאָג געבראַנגט אַ פונט ברויט. כ'האָב ביי אים געהאַט געפועלט נאָך אַ פונט ברויט אַ טאָג פאַר בעל-מחשבותן. בעת מיר זענען פון קיעוו אַוועק קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, האָב איך גענומען אַ וואָרט ביים יינגל, ער זאָל יעדן טאָג אויך ווייטער ברענגען בעל-מחשבותן דאָס פונט ברויט, וואָס דער בחור האָט אויך אויס-געפירט. אָט דאָסדאָזיקע פונט ברויט איז מיר איצט בייגעשטאַנען ביי דער איבערוואָגלעניש קיין קאָוונע, הגם בעל-מחשבות האָט בכלל קיינעם נישט באַעוולהט.

תיכף, ווי ס'האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען די היימלאָזע שריי-בער פון סאָוויעט-רוסלאַנד, האָט בעל-מחשבות טעלעגראַפירט קיין אַמעריקע, פונוואַנען דער י. ל. פרץ שרייבער-פאַריין און, דאַכט זיך, דער „דזשאָינט", האָבן צוגעשיקט אַ געוויסע סומע אויף צו העלפן די אָנגעקומענע. פאַרשטענדלעך, אַז קיין בעסערן ממונה פון בעל-מחשבותן אויף דעם געלט האָט מען נישט באַדאַרפט. ער האָט יעדן איינעם געקענט און געוווסט, ווי אַזוי יעדערן צו געבן די נייטיקע הילף. דיזאָזיקע געלט-סומען האָט ער נאָך אפילו שפּע-טער געהאַט באַקומען אין בערלין, ווו עס זענען אויך געווען אויף דעם די געהעריקע „גזברוּיכער".

מיר איז, פאַרשטענדלעך, געווען זייער אָנגענעם צו בלייבן אין דער געזעלשאַפט פון בעל-מחשבותן, מיט וועמען מיר איז אויס-געקומען צו פאַרברענגען כמעט אַ חודש צייט. איך האָב זיך באַ-דאַרפט שאַפן אַ באַשטענדיקן פּאַס, נאָכדעם אים בייטן אויף אַן אויסלענדישן, כּדי צו קאָנען פאָרן קיין ריגע. ביים באַקומען דעם פּאַס האָט מען באַדאַרפט האָבן זכיות און עדות. ס'איז איבעריק

צו זאָגן, אַז בעל־מחשבות איז דערביי גאַנץ גענוג עקספּלאָאַטירט געוואָרן, בפרט אַז איך בין געווען זיין שכן.

דער סדר־היום איז געווען, אַז אינדערפרי איז מען אַוועק אין רעדאַקציע פון דער „אידישער שטימע", וואָס בעל־מחשבות האָט זיך גערעכנט פאַר איר רעדאַקטאָר. פאַקטיש איז דער רעדאַקטאָר געווען י. אַ. לייזעראָוויטש. אַ זייגער צוועלף—איינס איז אין רעדאַקציע געווען אַן אמתער יריד פון אַלע אָנגעקומענע שרייבער און כּלל־טוער. נאָכדעם איז מען אַוועק צום מיטאָג. נאָכמיטאָג פלעגט מען זיך אויסרוען, נאָכדעם פלעגן מיר מיט בעל־מחשבותן, זיין זון און עמעצן פון די אָנגעקומענע זיך גיין באָדן און זיך אומקערן צו דער טיי. אינאָווענט פלעגט מען גיין זיצן אין שטאָט־גאָרטן אויף דער ווערענדע, וווהין עס פלעגט קומען גאַנץ קאָוונער פּני.

אויף מאָרגן נאָך אונזער אָנקומען קיין קאָוונע, שבת, איז פאָרגעקומען אַ גרויסער ראַוט ביי ד"ר מ. סאָלאָווייטשיק, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער יידישער מיניסטער. דאָ זענען געווען אַ מאַן פערציק. די גרעסטע טייל איז באַשטאַנען פון די אָנגעקומענע שרייבער, קינסטלער און כּלל־טוער, און דאָ האָבן זיך אַ סך באַגעגנט איינער מיטן אַנדערן, ווי אין אַן אַנדערער וועלט. ס'איז געווען אַ מין קיבוץ־גליות פון יידישע שרייבער און כּלל־טוער, וואָס זענען פריער געווען צעשפּרייט איבער דער גרויסער רוסישער מדינה און זענען אויף פאַרשידענע וועגן אַהערצו געבראַכט געוואָרן מיטן גרויסן שטראָם. אַהער איז מען איצט געקומען פון מאָסקווע, קיעוו, מינסק, נאָך איבערגעלעבטע שווערע טעג פון בירגער־קריג, פּאָגראָמען און מאַנגל אינם נייטיקסטן. מ'האָט געמיינט, אַז אָט־דאָ הייבט זיך אָן דער גן־עדן... נאָכן זיין פאַרשפּאַרט חדשים־לאַנג אין שטעט, ווו אַרום האָבן געבושעוועט פאַרשידענע אַטאַמאַנען מיט זייערע באַנדעס און אין שטאָט גופא האָט מען אָפט געלעבט אין טויט־שרעק, אין בעסטן פאַל האָט מען געליטן הונגער און קעלט. נאַטירלעך, נישט אַלעמען און נישט אומעטום איז געווען די לאַגע גלייך. אַזוי, למשל, האָט די יידישע

שרייבער-גרופּע אין מאָסקווע (אַ מאָן פערציק) געהאַט דאָס לעצ־
טע יאָר פאַרהעלטנישמעסיק גאַרנישט שלעכט, ביי יענע צייטן אפילו
זייער גוט. מען האָט געהאַט באַקומען גוטע „פּאַיאָקס" און ס'האָט
אין משך פון ווינטער גאַרנישט געפעלט. נאָר מיטן אָנקומען פונם
שווערן יאָר 1921 האָבן פאַרשטייער פון יידישן קאָמיסאַריאַט און
אַנדערע אָנפירנדיקע קרייזן אַליין געעצהט און מיטגעהאָלפן „אַוועק־
פאָרן פון ראַטנרוסלאַנד אַ גרויסער טייל יידישע שרייבער. האָט
מען זיך איצט דאָ באַגעגנט, ווי אין אַ דערוויילִיקער אכסניה, ווייל
קיינער האָט נאָך אויף ריכטיק נישט געוווּסט, ווי ווייט ער וועט
נאָך וואַנדערן און ווו ער וועט זיך אָפּשטעלן.

דר. סאָלאָווייטשיק האָט אַלעמען אויפגענומען זייער ברייט
ביי זיך אויף דער גרויסער ווערַאַנדע, וואָס האָט געפירט אין אַ
גאָרטן אַריין. ער האָט געהאַלטן אַ באַגריסונגס-רעדע און האָט
אַרויסגעוויזן גרויס פריינטלעכקייט. מען האָט פאַרבראַכט אַ פּאָר
שעה צייט אין געשפּרעכן, אַ טייל האָבן געהאַלטן רעדעס איבער
דער יידישער לאַגע אין ס.ס.ס.ר.

פון דאָרטן זענען מיר פאַרנאַכט מיט בעל-מחשבותן אַוועק
אין אַ יידישער שול, ווו ער האָט געלייענט אַ ציקל לעקציעס
איבער דער יידישער ליטעראַטור. ס'איז געווען, דאַכט זיך, אַ
ציוניסטישער פאַריין, ווו די גרעסטע טייל מיטגלידער איז באַ־
שטאַנען פון יונגע פריילינס. די אוידיטאָריע איז געווען זייער אַ
פּינקטלעכע און אויפמערקזאַמע. פאַרשטענדלעך, אַז בעל-מחשבות
האָט געלייענט זיינע פאָרטראַגן אָן אַ שום באַלוינונג. איך פלעג
נאָכדעם מיט אים כסדר מיטגיין אויף דידאָזיקע לעקציעס, וואָס
האָבן זיך געצויינלעך געצויגן איבער אַ שעה צייט.

אמאָל זענען מיר געזעסן אַ פאַרנאַכט ביי אַ גלעזל טיי און
געשמועסט. בעל-מחשבות איז געווען אין אַ באַזונדערער שטימונג
און ער האָט אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן זיינע סטודענטן-יאָרן,
וועגן דעם קרייז, אין וועלכן ער האָט געלעבט, און ווי אַזוי ער
האָט אָנגעהויבן צו שרייבן. עפּעס האָט ער דערציילט אַ מאָדנע
געשיכטע פון דער ישיבה, ווו ער האָט געלערנט, אַז דאָרטן איז

געווען אַ פרוש, וואָס איז געוואָרן אַן אפיקורס. דער פרוש האָט אָנגעטון די תפילין, גענומען אַ צלם און אויפגעשריבן אויף אים דעם שם־המפורש. אויף בעל־מחשבותן האָט דאָס געמאַכט אַ שוי־דערלעכן איינדרוק.

בעל־מחשבות איז געווען אין אַ באַזונדערער שטימונג און האָט דערציילט וועגן זיך:

צום סוף פון די אַכציקער יאָרן איז ער נאָך גאָר אַ יונגער בחור אַוועק קיין ציריך, ווו ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ סביבה פון אַ סך עלטערע פאַר אים. געקומען איז ער פון רוסלאַנד מיט צוויי שפּראַכן, וואָס ער האָט געקענט: יידיש און דייטש. ער האָט אָבער געפילט אַ שרעקלעכע שנאה צו יידיש און האָט זיך באַמיט מיט אַלע מעגלעכקייטן די שפּראַך צו פאַרגעסן. ער איז געווען גליקלעך, ווען אים האָט זיך דאָס אין אַ געוויסער מאָס איינגעגעבן. מיט גרויס התמדה האָט ער גענומען לערנען רוסיש. שפּעטער, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער ציוניזם, האָט זיך ביי אים אַנטוויקלט אַ שטאַרקע שנאה צו רוסיש. ער פלעגט נישט קאָנען קוקן אויף אַ גראָבן רוסישן זשורנאַל, וואָס פריער האָט ער זיך נישט געקאָנט פון אים אָפּרייסן. אַט אַזוי איז ער אַריינגעפאַלן אין עקסטרעמען.

ער האָט אויך דערציילט וועגן כּאַטאַלאָגישע סימנים, וואָס ער האָט אַליין אַנטדעקט אין זיך נאָך אַלס סטודענט. ער האָט זיך אַמאָל פאַרבלאָנזשעט צווישן דריי ביימער מיט די שול־ביכער, וועלכע ער האָט אָנגעקויפט אַ סך איבעריקע עקזעמפּליאַרן, וואָס ער האָט גאָרנישט נייטיק געהאַט. נאָכדעם האָט ער זיך אַליין גע־וווּנדערט, צו וואָס ער האָט דאָס געטון.

„איך בין תמיד נישט געווען צופרידן מיט זיך, — האָט ער ווייטער גערעדט, — אַנדערע האָבן אין מיר מער געגלייבט, איי־דער איך. מען האָט דערוואַרט, אַז איך וועל זיין אַ בעלעטריסט און אַרויסלאָזן אַ בוך דערציילונגען".

„מיין ערשטע זאַך האָב איך געדרוקט ווינענדיק אין בער־לין אין יאָר 1896 גאַנץ צופעליק. דער קאָרעספּאָנדענט פון דער

רוסישער צייטונג „נאָוואָסטי דניא" איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג ערגעץ אויף דרום. דערווייל האָט מען אין בערלין געשטעלט איבסענס אַ נייע דראַמע. יענער האָט מיר פאָרגעלייגט, איך זאָל גיין אין טעאַטער און אָנשרייבן וועגן דעם פאַר דער צייטונג. איך האָב נישט געוואָלט גיין. יענער האָט מיר אָבער כמעט מיט געוואַלט אַריינגעשפּאַרט דעם בילעט מיט איבּ־סענס דראַמע אין האַנט. און אַזוי אַרום האָב איך נישט ווילנדיק אָנגעשריבן מיין ערשטע זאַך, וועלכע דער קאָרעספּאָנדענט האָט תיכּף אַוועקגעשיקט אין דער צייטונג. נאָכדעם האָב איך אָנגע־שריבן אַן אַרטיקל אויף אַ קולטור־טעמע. דאָס איז געווען די צווייטע זאַך, וואָס איך האָב געדרוקט. מיין עלטערער ברודער, וועל־כער האָט געהאַט אויף מיר אַ גרויסע ווירקונג (ער איז יונג גע־שטאָרבן), האָט מיך אָפּגערעדט פון דער זשורנאַליסטיק. ער האָט מיר געעצהט, אַז איך זאָל בעסער פאַרענדיקן דעם שטודיום, כ'בין שוין דעמאָלט געווען אַ סטודענט פון פערטן קורס".

ליידער האָב איך נישט אויספירלעך פאַרצייכנט יענעם אוי־סערגעוויינלעכן געשפּרעך, ווען בעל מחשבות איז געווען אויפגע־לייגט צו רעדן און דערציילן וועגן זיך און וועגן דער צייט פון זיין אַנטוויקלונג. אין יענעם זומערדיקן טאָג זענען מיר געזעסן ביים גרויסן טיש אין שפּייזצימער. אין שטוב איז קיינער נישט געווען און מיר האָבן זיך גאַנץ געמיטלעך געשמועסט, דאָס הייסט, גערעדט האָט ער און איך האָב צייטנווייז אַריינגעוואָרפן אַ פראַ־גע. זיין אינטים געשפּרעך איז געווען דורכגעפלאָכטן מיט לירישע נאָטקעס, זיי האָבן געקלונגען ווי אַ מין חשבון־הנפש, וואָס אַ מענטש מאַכט מיט זיך אַליין, זיך דערמאָנענדיק זיין פאַרגאַנגענ־הייט, די יאָרן, וואָס וועלן זיך שוין מער נישט אומקערן, פּונקט ווי איצט וועלן שוין מער זיך נישט אומקערן די צייטן, וואָס זענען געווען אָט־דאָ גאָר נישט לאַנג, סך־הכּל עפּעס מער פון אַ צענ־דליק יאָר...

פאַרהאַן פּאַסירונגען אין אונזער לעבן, וואָס מיר מאַכן דורך איינמאָל און זיי חזרן זיך שוין מער קיינמאָל נישט איבער. די

מענטשן, וואָס ווערן צופעליק אַריינגעדרייט צוזאַמען מיט איין אין אַזאַ פּאַסירונג, בלייבן שוין עפּעס נענטער, עס שאַפט זיך אַ מין משפּחה־התקרבות, אַ מין בלוט־נאָענטקייט. אָט אַזאַ מאָמענט איז געווען ביי מיר מיט בעל־מחשבותן, וואָס כ'קאָן נישט אַריבערגיין און דאָס נישט פאַרצייכענען אין דאָזיקן קאַפּיטל זכרונות וועגן אים.

פון סאָוויעטן־רוסלאַנד האָט מיך געטריבן אַ פאַמיליען־ענין. ניין יאָר געווען אָפּגעריסן פון עלטערן, פאַמיליע, אייגענע, און דערצו נאָך ניין יאָר – פון 1912 ביז 1921, וואָס זענען שוקל קעגן אַ סך מער יאָרן אין אַנדערע, נאָרמאַלע צייטן. נאָר כ'וואָלט אפשר נישט געווען אַזוי זיך געאיילט (אין יענער צייט האָט מען זיך אויסגעלערנט צו זיין געדולדיק), ווען מיך וואָלט נישט גערופן אַן אַלטער טאַטע, וועלכער איז געלעגן אַ געפערלעך קראַנקער. האָבן אָבער די עלטערן און אייגענע געוווינט אין ריגע, און איך, ווי אַ צוגעשריבענער צו ליטע, האָב געמוזט דורכמאַכן די אַלע שבעה מדורי גיהנום מיט פאָרמאַליטעטן, ביז איך האָב באַקומען אַלע זכיות אויף צו קאָנען קומען פון קאָווגע קיין ריגע.

איז אָט אין איינעם אַ שפּעטן אָוונט, ווען איך בין געקומען אין שטאָט־גאָרטן, באַגעגענען בעל־מחשבותן אויף דער וועראַנדע, כדי צוזאַמען צו גיין אַהיים, איז ער מיר אַנטקעגנגעקומען מיט דער פראַגע:

– נו, ווי האַלט עס מיט אייער פאָרן?

– עס גייט אויף אַ דרך. איך האָף, אין עטלעכע טעג אַרום צו קאָנען פאָרן.

– יאָ, איר דאַרפט טאַקע וואָס גיכער זען צו פאָרן. ס'איז עפּעס פאַרהאַן אַ ידיעה פאַר אייך.

– אַ ידיעה? וואָס? אפשר אַ טעלעגראַמע?

– יאָ, עפּעס אַ טעלעגראַמע, אַז איר זאָלט זיך אונטעראיילן...

– דאָקטאָר! מיין פאָטער איז געשטאָרבן!

– וואָס רעדט איר?... ניין! גאָרנישט וועגן דעם...

— דאָקטאָר, איך בין נישט קיין קינד, איך זע, אַז ס'איז שוין נאָך אַלעמען...

— באַרויִקט זיך: איר ווייסט דאָך נישט, וואָס איר רעדט.

— ניין, ניין... איך פּיל... איך פאַרשטיי...

— מ'האָט אייך געשיקט אַ טעלעגראַמע, איר זאָלט קאָנען פאַרגיכערן דאָס באַקומען די נייטיקע פּאַפּירן... זיי שרייבן טאַקע, אַז דער פאָטער איז געשטאָרבן, אָבער דאָס איז נאָר אַ מיטל, איר זאָלט באַקומען די דאָקומענטן.

אָט אַזאַ מין געשפּרעך איז פאָרגעקומען צווישן אונז ביידן שפּעט אינאָווענט אינעם שוין אויסגעלייזדיקטן קאָוונער שטאָט-גאָרטן, ווען ער האָט מיט אַלע כּוחות געזוכט מיך צו טרייסטן און באַרויִקן; ער, וואָס איז אַליין געווען אַ קראַנקער, צעבראָכענער מענטש און דער טויט האָט שוין פונווייטן געוווּנקען צו אים... אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר זיך געזעגנט און איך בין אַוועקגעפאָרן קיין ריגע. אויך דאָ האָב איך געפּילט בעל-מחשבותן, ווייל בעת איך בין נאָך געווען אין קאָוונע, האָט ער וועגן מיר געשריבן בריוו צום רעדאַקטאָר פון „דאָס פאָלק", ווו ער האָט מיך שטאַרק רעקאָמענדירט, כּדי איך זאָל באַקומען אַרבעט. אויפן סמך פון זיינע רעקאָמענדאַציעס האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט בעתן צוריקקומען זיך איינצואָרדענען אין מיין אַלטער היים, אין ריגע.

# דוד פרישמאַן

(צום פינפטן יאָרצייט)

עפּעס אויסטערלישס און אָריגינעלס איז געווען אין דער קליינער פיגור זיינער. פונם שאַרף געשניצטן פּנים האָבן ווי אין אַ זייט ערגעץ פאַרטראַכט אַראָפּגעקוקט די אַ ביסל פאַרשפּיצטע אויגן און האָבן מיט איין בליץ-בליק דורכגעדרונגען זאַכן און פּערזאָנען. דערדאָזיקער שאַרפער בליק איז ווי געקומען פון ער-גען אַ טיף-פאַרבאָרגענעם קוואַל, פון וואַנען עס האָט זיך קיינ-מאָל נישט אויסגעשעפּט חכמה, שאַרפזין. ווי קיינער האָט ער זיך פאַרשטאַנען אויף מענטשלעכע שוואַכקייטן און מיט אַ געניטקייט פון אַ כירורג-ספּעציאַליסט האָט ער זיי געקאָנט אַרויסטיילן פון דער אָנגעשטאָלפּערטער און אויפגעבלאָזענער באַדינגלעכקייט. דערצו האָט ער באַנוצט דעם לייכטן איראָנישן שמייכל — פּריש-מאַנס שמייכל... און זיין געוויינלעכער ביטול — נו יאָ... (מיט אַ פּתח). אין אַן אויפגעלייגטער רגע האָט ער מיטן מיטלסטן פינגער פון דער רעכטער האַנט די האַלאַבליע פון דער לינקער בריל אַ לייכטן קראַץ געטון און פאַרזשמורענדיק אַ ביסל די פּקחותדיקע אויגן, האָט ער מיט אַ פּאַראַדאָקס אָדער אַ ווערטל אָפּגעפּסקנט דאָס, וואָס אַנדערע וואָלטן וועגן דעם געדאַרפט דרשענען שעהן, אָדער אָנשרייבן גאַנצע אַרטיקלען.

איז די שטימונג געווען אַ קאַלאַמוטנע, האָט ער מיט זיין כאַראַקטעריסטישער רעכטער האַנט דעם גראָבן פינגער פון זיך אין דער לופט אויף רעכטס געשטרעקט, און פאַרבייגנדיק מיד אין דער זעלביקער ריכטונג דעם קאָפּ, מיט עטלעכע ווערטער אַ סוף געמאַכט צו אַ לאַנגער פּאָלעמיק, בלייבנדיק דער פּוסק-אחרון. נאָכ-דעם איז שוין אַלץ אַזוי קלאָר געווען, אַז מען האָט שוין מער

ניִשט געפּרוּווט שטרייטן. אים האָט קיינער ניִשט געקאָנט איבערציִיגן. ער האָט געהאַט זיין מיינונג און זיין איבערצייגונג.

די פרישמאַנישע אייגנאַרטיקייט און אָריגינאַליטעט האָט זיך אַרויסגעוויזן אין אַלץ: אין שרייבן, אין דער טעכניק פון זיין אַרבעט, אין געשפּרעך, אין צאָרט פון לייענען אַ בוך, אין זיין באַציִונג צו די אַרומיקע און אפילו אין זיין גיין.

זיין פּערלדיק כּתב האָט זיך אויסגעקריצט אויפן פּאַפּיר אין קליינע, אַ ביסל פאַרשפּיצטע אותיותלעך, זיי האָבן אין רעגנבויגנס אויסגעפאָרמט די שורות. בעתן שרייבן, באַזונדערס בעתן איבערזעצן, האָט ער דאָס רוב געהאַלטן פאַר זיך דעם ערוך־השלם (ביבלישע קאָנקאָרדאַציע), ווו ער האָט נאָכגעזוכט דאָס נייטיקע וואָרט און דערביי טאַקע געהאַלטן דאָס תנ״כל, פונוואַנען ער האָט אַרויסגעשעפּט דעם זאַץ־בוי, וואָס האָט זיך ביי אים אויסקריסטאַליזירט אין אַ מאָדערן־געשליפענעם זאַץ, אָפּהיטנדיק דעם ביבלישן גייסט.

זיין געשפּרעך איז תּמיד געווען אַ לייכטס, אָן אריכות, אָן פּלאָנטער, צוגעווירצט מיט הומאָר. ווי כּלאחר־יד, אַזוי זיך, זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן גייסטרייכע געדאַנקען, אָריגינעלע מיינונגען, דער עיקר וועגן פראַגן פון גייסטיקן לעבן. ווי מיט רענטגען־שטראַלן האָט ער אָפטמאָל דורכגעדרונגען דערשיינונגען און פּערזאָנען, דורכגעקוקט דורך און דורך און אַרויסגעשטעלט זייער אמתן מהות.

מיט די אייבערשטע דריי פינגער (גראָבן, ווייז און מיטלסטן), האָט ער זיך צוגערירט צו דער אייבערשטער טייל פונם בוך אויף דער עטאַזשערקע, עס צאַרט אַרויסגעצויגן פון צווישן זיינע „ברידער" און אָפּלייענענדיק ביז אַ געוויס אָרט, עס אַוועקגעלייגט אַן אָפּנס מיטן רוקן אַרויף.

איז אַ ליטעראַט פון אים מיט אַ בוך אַרויסגעגאַנגען, האָט ער אים געעצהט דאָס בוך אין אַ פּאַפּיר איינצוּוויקלען, ווייל „אַ ליטעראַט דאַרף ניִשט גיין אין גאַס מיט אַ ניִשט־פאַרהילט בוך"...

ער איז געווען דער גרעסטער שונא פון אָנשטעל און פּאָזע. אין

זיינס אַ באַנד בריוו, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ניו־יאָרק, געפינען מיר אַ בריוו צו שלום־עליכמען, ווו פרישמאַן גרייפט אים שאַרף אָן דערפאַר, וואָס אויף דער צוגעשיקטער פאָטאָגראַפיע איז שלום־עליכם אויפגענומען מיט לאַנגע האָר און אַ קינסטלער־שלייף, „ווי אַ פראָווינציעלער בחור"... אויפן עכטן ליטעראַט ליגט במילא דער שטעמפּל פון גייסטיקייט און עס איז נישט נייטיק דאָס צו אַפּישירן. די עכטקייט איז געווען זיין אַני־מאמין, יעדע נישט אויפריכטיקע נאָטקע. יעדן אַרט פּאָזירן, האָט ער אָפּגעוואָרפן מיט עקל. האָט ער געדאַרפט גיין אַ מהלך איבער עטלעכע קוואַרטאַלן באַלכסון, האָט ער ליבער געהאַט צו גיין זיגזאַגאַרטיק, זיך דרייענדיק דורך די גאַסן, ווי איבער אַ שאָךברעט.

און רעדן מיר פון שאָך, דאַרפן מיר דערמאָנען וועגן איינע פון זיינע הויפּט־שוואַכקייטן. ער האָט ליידנשאַפטלעך ליב געהאַט דעמדאָזיקן קלוגן שפּיל און נאָכמער — צו געווינען די פּאַרטיע... געשפּילט האָט ער נישט שלעכט, נאָר האָט תמיד געוואָלט געבן אַ פיגור פאָר און דערביי דווקא געווינען. מיט אַן ערגערן שפּילער איז נאָך די זאַך דורכגעגאַנגען, אָבער אַז ער האָט געהאַט אַ גלייכן פּאַרטנער, אָדער אַ בעסערן, האָט ער פּאַרשטענדלעך אָנגעוווירן. דאָס האָט אים אויפגערעגט און ער איז געגרייט געווען אַזוי לאַנג צו ציִען די פּאַרטיע, ביז ער האָט געמוזט געווינען. אַזוי איז אין קיעוו אַמאָל צוליב דעם שיער נישט אַרויסגעקומען אַ קאָנפליקט צווישן אים מיט אַנ־סקי און ש. י. איש־הורוויץ. די, וואָס האָבן געקענט דידאָזיקע שוואַכקייט זיינע, האָבן אַ ... גערן מוחל געווען.

אויב עס איז אין יענעם דור געווען איינער, וואָס איז אין אַלע הינזיכטן געווען דורכאויס שריפטשטעלער — איז דאָס אָן ספק געווען דוד פרישמאַן. ליטעראַטור און קונסט איז פאַר אים נישט געווען קיין ענין פון לוקסוס אָדער קאַפּריז, נאָר ער האָט דערמיט געלעבט און געאָטעמט. ווי אַ פאַרצייטיקער נזיר האָט זיין גאַנץ לעבן אָפּגעגעבן דער געטלעכקייט, אַזוי האָט ער זיך

פון דער פריער יוגנט געווידמעט דער ליטעראַטור, וועלכער ער איז געבליבן געטריי ביזן סאַמען סוף. ער האָט פון איר קיינמאָל נישט אָפּגעגויגט — נישט אויף לינקס, נישט אויף רעכטס. ער האָט קיינמאָל נישט געזוכט קיין אַנדערן אינהאַלט אין לעבן, האָט זיך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט קיין לעבן אָן איר. די ליטעראַטור איז געווען זיין פּאַרטיי, זיין מיטל און ציל. פערציק יאָר איז ער געשטאַנען אין אירע פאָדערשטע רייען, איז געווען איר שומר און פאָרקעמפער. ער איז אומאויפהערלעך געשטאַנען אויף דער וואַך פון געשמאַק, אָריגינאַליטעט און עכטקייט. מיט פּערזאָנען, וואָס האָבן קיין דירעקטע שייכות נישט געהאַט צו ליטעראַטור און קונסט, האָט ער נישט געקאָנט פאַרברענגען זיין צייט און צו זיי קיין אינטערעס נישט געהאַט.

דערדאָזיקער פּקחדיקער אייראָפּעער איז טיילמאָל געווען נאַאיוו ווי אַ קינד. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די בעסטע זאַכן זיינע הייבן זיך אָן „איך בין דעמאָלט נאָך אַ קינד געווען".

אין פאַרשידענער עלטער, אין פאַרשידענע ווערק זיינע לייענען מיר אין אַנהייב דעמדאָזיקן זאַץ. דאָס איז די קינדישקייט פונם אויפריכטיקן קינסטלער. אָט די קינדישקייט האָט זיך אָפּט אַרויסגעוויזן אין מאָמענטן פון פּראַקטישן לעבן, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין אומבאַהאָלפנקייט. דער מייסטער פון שיר, נאָוועלע, קריטיק און פעליעטאָן האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט זיינע זאַכן ביים אַריבערפאָרן אין אַ נייער דירה, אָדער אין אַן אַנדערער שטאָט. מיט אַן אומבאַהאָלפענעם שמייכל האָט ער זיך אַרומגעדרייט צווישן זיינע צעוואָרפענע זאַכן און געווען אַ פּאַסיווער צוזעער, בעת זיינע מקורבים האָבן פאַרפּאַקט די פּעקלעך.

די פינסטערע צייט פון 1915. דורך אַן אכזריותדיקן באַפעל איז אין דעמאָלטיקן רוסלאַנד דאָס יידישע לעבעדיקע וואָרט פאַרווערט געוואָרן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אויף לאַנג, לאַנג... איז ער מיטן אַלטן זיידן מענדעלע געזעסן ביי אַ גלאָז טיי און

---

זיך געקוויקט מיט פאַנטאַסטישע (צו יענער צייט) פלענער וועגן אַ נייעם גרויסן זשורנאַל, אַ דרייסטן, אַ ברענענדיקן, קעגן די „אַלטע", מיט די יונגע, פאַר די יונגע... זיי האָבן איינער דעם אַנדערן אין די פאַנטאַזיעס איבערגעשטיגן און געגלייבט אין דעם באמונה־שלמה. „וואָס הייסט, ווי דען? — ס'איז אַ מוז, אַ נויט־ווענדיקייט!"... דער סקעפּטיקער אין דערדאָזיקער מסיבה איז געווען אַן עלטערע און צוואַנציק־יעריקער...

# ביאַליק אין אָדעס

## I

אַן ערך אַ פערטל יאָרהונדערט האָט ח. נ. ביאַליק אָפּגע־לעבט אין אָדעס. דאָ האָט ער זיך אָנגעהויבן צו דרוקן און פונ־ דאַנען האָט זיך פאַרשפּרייט זיין נאָמען איבער דער וועלט און האָט וואָס ווייטער אַלץ מער פּאָפּולאַריטעט זיך דערוואָרבן.

ווי אַזוי האָט ביאַליק זיך דאָס ערשטע מאָל געדרוקט? וועגן דעם דערציילט דער באַקאַנטער ליטעראַט י. ח. ראַווניצקי, ביאַליקס שפּעטערדיקער שותּף אין זיין שטענדיקער מיטאַרבעטער, אין אַ רייע העברעאישע לערנביכער און אַנדערע וויכטיקע ווערק. י. ח. ראַווניצקי — אַן אָנגעזעענער שריפטשטעלער אין העברע־איש און יידיש, איינער פון די ערשטע ליטעראַטור־קריטיקער און ביבליאָגראַפן אין יידיש (אונטערן פּסעוודאָנים בר־קצין), דער ער־שטער רעדאַקטאָר פון דער ערשטער אייראָפּעאישער ליטעראַריש־פּובליציסטישער וואָכנשריפט אויף יידיש „דער איד" (בעת ער איז געווען דער רעדאַקטאָר די ערשטע אַכט חדשים, איז „דער איד" דערשינען איין מאָל אין צוויי וואָכן). ראַווניצקי האָט אין די ניינ־ציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט אַרויסגעגעבן אין אָדעס זאַמלביכער אויף העברעאיש, דעם „הפּרדס". דערציילט ראַווניצ־קי, אַז איינמאָל בעת דער „הפּרדס" איז שוין געווען כּמעט אינ־גאַנצן פאַרטיק, איז צו אים געקומען אַ שעמעוודיקער יונגערמאַן פון דער פּראָווינץ, אָנגעטון אין אַ בורקע, און געפרעגט ביי אים, צי עס איז נאָך פאַרהאַן אין „הפּרדס" אַן אָרט פאַר אַ געדיכט. ראַווניצקי האָט זיך פאַראינטערעסירט מיטן יונגנמאַן, וועלכער

האָט אים געגעבן איבערצוזעצן אַ שיר „אל הצפּור". דאָס גע־
דיכט איז ראַווניצקין זייער געפעלן געוואָרן און הגם דער „הפּרדס"
איז שוין כמעט געווען אָפּגעדרוקט, האָט ער אים דאָך געגעבן אַן
אָרט. דערדאָזיקער יונגערמאַן איז געווען דער שפּעטער אַזוי באַ־
רימטער ביאַליק און דער „אל הצפּור" איז געווען דער ערשטער
שיר זיינער, וואָס איז געדרוקט געווען און וואָס האָט דעם דיכ־
טער תּיכּף אַרויסגערוקט אויפן ערשטן אָרט אין דער העבּרעאישער
דיכטונג. נאָכדעם האָט ביאַליק כּסדר געשטייגט העכער, ביז ער
האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון זיין פאָרגענגער, דעם גרויסן השכּלה־
דיכטער יהודה לייב גאָרדאָן (יל"ג), וועלכן ביאַליק האָט ווייט,
ווייט אַריבערגעשטיגן.

שפּעטער איז ביאַליק געוואָרן אַ שטענדיקער תּושב אין
אָדעס, ווו ער האָט זיך די ערשטע צייט פאַרנומען מיט געבן לעק־
ציעס. נאָכדעם איז ער אַ געוויסע צייט געווען אַ קוילן־הענדלער
און שפּעטער איז ער געוואָרן אַ שותּף אין פאַרלאַג „מוריה", וואָס
איז געגרינדעט געוואָרן דורכן שריפטשטעלער א. ל. לעווינסקי
(געשטאָרבן אין יאָר 1910). ביאַליק האָט פאַרלאָזט אָדעס אין ווינ־
טער יאָר 1921.

## II

אָדעס — די ליכטיקע, זוניקע שטאָט אויפן ברעג פון
שוואַרצן ים, מיט אירע שיינע ברייטע גאַסן און בולוואַרן, פאַר־
פלאַנצטע מיט אַקאַציע־ביימער, מיט איר פאַרשידנפאַרביקע באַ־
פעלקערונג און עקזאָטישקייט פון אַ גרויסער פּאָרט־שטאָט, וווהין
ס'קומען אָן שיפן פון דער גאַנצער וועלט, וועלכע ברענגען מיט
זיך פאַרשטייער פון אַלערליי פעלקער און ראַסן, אָט דאָסדאָזיקע
אָדעס האָט אין די פאַר־מלחמה־יאָרן פאַרמאָגט אַן ערך צוויי הונ־
דערט טויזנט יידן, וואָס האָט באַטראָפן אַרום 40 פּראָצענט פון
דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. חוץ דעם צענטר זענען די פאַר־

שטעט מאָלדאַוואַנקע און פּערעסיפּ געווען געדיכט באַפעלקערט פון דער יידישער אָרימקייט.

די יידישע באַפעלקערונג פון אָדעס איז אָבער באַשטאַנען פון צוזאַמענגעלאָפענע עלעמענטן, פון פאַרשידענע געגנטן פון דער גרויסער רוסישער מדינה, ווי אויך טיילווייז פון גאַליציען און רומעניען. די יידישע באַפעלקערונג אינם קאָכעדיקן דרום-כּרך איז אין איר רוב מנין ורוב בנין געווען אַ מין ערב-רב, אָן טראַדיציעס און אָן פעסטער איינגעוואָרצלטקייט. ס'איז געווען אַ צוזאַמענגעלאָפענע גרויסע מענטשן-מאַסע, וואָס האָט נישט געהאַט קיין באַשטימט אויסגעפאָרעמט פּנים. אַזאַ קאָלאָסאַלער יידישער קיבוץ, דער צווייטער אינם אַמאָליקן רוסלאַנד, לויט דער צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג (נאָך וואַרשע), האָט נישט געהאַט קיין שום פעסטע יסודות. צי האָט די מילדע דרום-לופט, די רחבותדיקייט פונם שוואַרצן ים, אין וועלכן די שטאָט האָט זיך אָנגעשפּאַרט, די ברענענדיקע זון, דער שטענדיק בלויער הימל, די אַרומיקע אינטערנאַציאָנאַלע סביבה געווירקט אויף די יידן אין אָדעס, אַז זיי זאָלן זיין פּוסט, כּמעט הפקרדיק, גלייכגילטיק צו יידישע קולטור-ווערטן, אָדער דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל זייערע באַשטאַנד-טיילן זענען געווען פון אַזעלכע עלעמענטן, וואָס האָט געמאַכט, אַז זייער גייסטיקער און מאָראַלישער פּרצוף איז געווען אַזוי צעפלאָסן. און אפשר האָט דערצו גורם געווען די שווערע און ביטערע נויט, די גרויסע אָרימקייט, אין וועלכע די ברייטע יידישע מאַסן האָבן געלעבט. אָבער אַ פאַקט איז דאָס, אַז חוץ קליינע אויסנאַמען, האָט די גרויסע צווייהונדערט-טויזנטדיקע יידישע מאַסע נישט געהאַט קיין שום באַציִונג צום יידישן וואָרט, צו דער קולטור, ליטעראַטור און אַנדערע מאָדערנע יידישע גייסט-ענינים.

אין אָט יענער צייט האָבן זיך אין אָדעס געפונען באַרימטע שרייבער, פּערזאָנען, וואָס זענען געווען פּאָפּולער אין דער גרויסער יידישער וועלט: מענדעלע מוכר-ספרים, אחד-העם, ביאַליק, פרוג. אַרום זיי און מיט זיי זענען געווען די אַלע, וואָס האָבן גע-

האָט אַ שייכות צו יידישער קולטור: שרייבער, זשורנאַליסטן, קינסטלער, כלל-טוער, פּאַרטיי-טוער, לערער, פאָלקס-אינטעליגענטן — דאָס איז געווען אַן אָפּגעזונדערטע גרופּע, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו דידאָזיקע פּערזענלעכקייטן. דאָס איז געווען אַ מין באַשיידן אינזעלע אינם ברויזנדיקן, טומלדיקן, כאַאָטישן ים פון דעם יידישן אָדעס. נאַטירלעך, זענען צו די דערמאַנטע פּערזענלעכקייטן נענטער פון אַלעמען געשטאַנען דאָס ביסל יידישע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין אָדעס — אַלע איינגעוואַנדערטע פון נענטערע, ווייטערע און ווייכסטע געגנטן. עס פלעגן אָבער אויך אָפט אַראָפּקומען געסט פון וואַרשע, ווילנע, קיעוו און אַנדערע מקומות, וואָס האָבן געהאַלטן פאַר זייער חוב צו קומען צו די דעמאָלטיקע רבּיים פון מאָדערנעם יידנטום.

## III

דאָס אייגנאַרטיקע, זאָרגלאָזע און הפקרדיקע אָדעס איז געווען פאַרפלייצט פון טראַקטירן, ווו מ'האָט געטרונקען טיי פון גרויסע פאַרצעלאַן-טשייניקעס. מ'האָט דאָרטן אויך געקאָנט באַקומען אַ „מאָנאָפּאָלקע" מיט צובייסן. אויף די זייטיקע גאַסן זענען געווען נאַכט-טראַקטירן פאַר פורמאַנעס, אונטערוועלט, בראָדיאַגעס און דאַכלאָזע, וועלכע זענען פאַר עטלעכע קאָפּיקעס אָפּגעזעסן אַ גאַנצע נאַכט ביי זייער טיי, האָבן אָנגעשפּאַרט די קעפּ אויף די טישן און אַזוי זיך דורכגעשלאָפן ביז אינדערפרי. אָדעס האָט געהאַט וויין-קעלערס, וואָס פאַר קליינגעלט האָט מען געקאָנט אויסטרינקען אַ האַלבן ליטער וויין און הערן דאָס שפּילן פון אַ געפאַלענעם מוזיקער און צוזען ווי דינסטן טאַנצן מיט סאָלדאַטן. אויף דער דעריבאַסאָווסקער גאַס האָט שפּאַצירט די „גאָלדענע יוגנט", קאָקאָטקעס, רוסישע אָפיצירן און גלאַט לעבּ-יונגען. דער אָרום האָט געטראָגן אויף זיך דעם ביליקן גלאַנץ פון געמאַכטער אַריסטאָקראַטישקייט און איז געווען אַ מין חוזק אויפן פּאָן פונם בלויען

הימל, פרעכטיקן ים, אין שאָטן פון די ברייט-פאַרצווייגטע אַקאַ-ציע-ביימער און רחבותדיקייט פון די סימעטריש-גלייכע, ברייטע און לאַנגע הויפּט-גאַסן. און נאָך מער חוזקדיק איפן פּאָן פון די גרויסע מאַסן הונגעריקע און פאַרחושכטע, וואָס האָבן זיך גע-וואַלגערט אין די פינסטערע קעלערס פון די געדיכט-באַפעלקער-טע פאָרשטעט.

אַן אַנדער פּנים האָט אָדעס באַקומען אין דער ערשטער צייט פון דער מלחמה. ס'האָט זיך ווי איינגעשרומפּט, זיך צונויפ-מענגעקאָרטשעט אַ שטיק באַוועגלעך לעבן און דער פּולס האָט געקלאַפּט שטאַרקער, אינטענסיווער, אָבער אַ מער פאַרבאָרגענער אין זיך, אין דער טיפעניש. דער באַלעבאַטער, שטענדיק-טומלדיקער האַפן איז אָפּגעשטאָרבן, די שטאָט האָט זיך אין די אָוונטן אָפּט געהילט אין פינסטערניש. ס'זענען פאַרמאַכט געוואָרן די ווינקע-לערס, ס'איז פאַרבאָטן געווען דער פאַרקויף פון אַלקאָהאָל-משקאות, אַזוי, אַז אויך די טראַקטירן האָבן באַקומען אַן אַנדער פּנים. אָני-שטאָט אַן אויסערלעכער ברויזנדיק-פריילעכער זאָרגלאָזיקייט און כלומרשטן גלאַנץ, האָט זיך איבער דער שטאָט פאַרצויגן אַ שאָטן פון מרה-שחורה.

## IV

צו יענער צייט איז אין אָדעס פאַרשטאַרקט און פאַרגרע-סערט געוואָרן די יידישע ליטעראַרישע משפחה: פרישמאַן, ספּעק-טאָר, פיכמאַן, שטיינמאַן, סעגאַלאָוויטש, טונקעלער, קאַגאַנאָווסקי, בן-אליעזר, עפּלבוים און אַנדערע זענען צוגעקומען און האָבן זיך אַריינגעגאָסן אינם קרייז פון די ביז-איצטיקע ליטעראַרישע „תושבים".

פאַרשטענדלעך, אַז יעדער איינער פון די ניי-געקומענע האָט געהאַלטן פאַר זיין חוב די ערשטע וויזיטן צו מאַכן ביים „זיידן",

מענדעלע מוכר־ספרים. צו אים פלעגן כסדר יעדן שבת אינדערפרי אויך קומען ביאַליק און ראַווניצקי.

מענדעלע און זיין שטוב איז אַ באַזונדער ביז גאָר אינטע־רעסאַנט קאַפּיטל, וואָס איז שוין פיל מאָל באַשריבן געוואָרן. דאָס איז געווען דאָס יום־טובדיקע אָרט, וווהין מ׳פלעגט עולה־רגל זיין, גיין ווי איבערגעגעבענע חסידים צום רבין.

ס׳איז אָבער געווען אַן אָרט, וווּ דער עולם פלעגט זיך צו־זאַמענקומען טאָג־טעגלעך און פאַרברענגען לאַנגע שעהן. דאָס איז געווען אויף באַזאַרנע גאַס, אין דעם איינשטאָקיקן הויז, פון ביידע זייטן טויער, וווּ פון דער לינקער זייט איז געווען די גרויסע דרוקעריי און פון דער רעכטער — דער פאַרלאַג פון „מוריה", וואָס האָבן אָנגעהערט צו ביאַליקן און ראַווניצקין. דאָ, אין דער דרוקעריי, האָט זיך אַ געוויסע צייט געדרוקט די טעג־לעכע יידישע צייטונג „אונזער לעבן", אַרויסגעגעבן דורך ש. האָכבערג. דאָ האָט זיך געדרוקט דער חודשדיקער „השלח" פון דר. י. קלויזנער און אַנדערע אויסגאַבעס אין יידיש און העברעאיש.

דאָ, אין די צימערן פונם פאַרלאַג, האָט מען זיך תמיד באַ־געגנט. ס׳איז געווען אַ מין „בירזשע", וווּ ס׳פלעגן זיך טרעפן די יידישע ליטעראַטן אין דער מלחמה־צייט. דאָ פלעגט מען אָפּזיצן אָדער אָפּשטיין גאַנצענע טעג און זיך צוהערן צו די חריפותדיקע רייד פון דוד פרישמאַן, די מילדע מעשהלעך פון מרדכי ספּעקטאָר. איינער פון די הויפּט־רעדנער איז, פאַרשטענדלעך, געווען ביאַ־ליק. ער איז כלומרשט געווען אומצופרידן, וואָס מ׳שטערט די אָנ־געשטעלטע פון פאַרלאַג אין דער אַרבעט, וואָס מען דרייט זיך אַרום אין די צימערן און קאָרידאָרן. האָט ער זיך אָבער אַריינגע־צויגן אין שמועס — און דאָס האָט פּאַסירט תמיד — האָט ער זיך אַריינגעטון, ווי מען זאָגט, מיט לייב און לעבן. געוויינלעך פלעגט ער זיך אַוועקזעצן אויף אַ טיש און אַרום אים זענען געשטאַנען אָדער געזעסן די געסט און תושבים, צווישן די לעצטע זענען גע־

ווען: א. דרויאַנאָוו, דר. גליקסאָן, יהודי קרני, חיים גרינבערג,
נתן גרינבלאַט, ב. שאַפּיר און אַנדערע.

אַ הייסער, אַ קאָכעדיקער, מיט פייער און טעמפּעראַמענט,
האָט ביאַליק וועגן יעדער זאַך געקאָנט רעדן אַ סך און אינטערע-
סאַנט. גערעדט האָט ער שאַרף און קלאָר, בליציק, מיט די מערק-
ווירדיקסטע איינפאַלן און פאַרגלייכונגען, דערביי האָט ער תמיד
אַרויסגעוויזן אַ סך בקיאות און באַהאַוונטקייט. זיינע באַליבטע טע-
מעס זענען געווען ליטעראַטור, דער עיקר — די העברעאישע לי-
טעראַטור אין מיטלאַלטער, און נאָך מער — העברעאישע שפּראַך-
קענטעניש אין תנ"ך, ווו קיין איין ווינקעלע איז פאַר אים נישט
געווען פאַרבאָרגן.

אָבער נישט נאָר אין „מוריה" האָט מען זיך באַגעגנט מיט
ביאַליקן, ווי אין זיין היים. אויף וואַגנעראָווסקי פּרעאָבראַזשענסקאַ, זע-
נען תמיד געווען געסט, באַזונדערט שבת פאַרנאַכט. אין אַ יום-טוב-
טאָג פלעגן ביי אים זיצן שרייבער, כלל-טוער, לערער און פאַר-
ערער, אָדעסער און געקומענע. ביאַליק האָט אַלעמען מקרב גע-
ווען, הגם ס'זענען אָפט געווען פּערזאָנען פון קעגנזעצלעכע לאַ-
גערן און אָנשויאונגען.

דאָ, אין זיין נישט-גרויסער דירה, איז מען געקומען נישט
נאָר פאַרברענגען אַ פּאָר שעה צייט און צעפּטרן אייגענע און יע-
נעמס צייט. מען איז דאָ געקומען לייענען פאַר ביאַליקן אַ נייעם
כתב-יד, זיך מיט אים מיישב זיין, אויסהערן זיין מיינונג און אַמאָל
טאַקע באַקומען פון אים אַ פּראָטעקציע, ווייל ביאַליקס אַ פּאָר
ווערטער צו אַ פאַרלעגער אָדער אַ רעדאַקטאָר איז שוין געווען
אַ געזיכערטער דערפאָלג. ביאַליק האָט כמעט קיינעם נישט אָפּגע-
זאָגט, און האָט ער נאָר אין יענעם געזען אַ פונק פון באַגאַבונג,
האָט ער זיך מיט אים אינטערעסירט און מיטגעהאָלפן. אים איז
נישט איינמאָל אויסגעקומען אויף דעם חרטה צו האָבן, ווייל עס
האָבן אים אויסגענוצט פאַרשידענע פּערזאָנען, וואָס האָבן אויף
דעם קיין שום רעכט נישט געהאַט. נישט איין מאָל האָט ביאַליק

זיך געקלאָגט, אַז ער האָט זיך פאַרזען און איז געווען איבעראייליק אין אַרויסזאָגן אַ מיינונג אָדער רעקאָמענדירן געוויסע פערזאָנען, וועלכע האָבן דאָס אויסגענוצט אויף נישט גאָר פיינע אופנים. ער האָט זיך באַצויגן מיט צופיל אויפמערקזאַמקייט און קאָלעגיאַליטעקייט צו פעו-מנטשן, באַזונדערס האָט ער מקרב געווען די, וואָס האָבן געשריבן אויף העברעאיש. ער האָט זיך צו העברעאיש באַצויגן פון תמיד אָן, ווי אַ יונגער פאַרליבטער צום אָביעקט פון זיין ליבע. בעת ער איז געווען דער בעלעטריסטיק-רעדאַקטאָר פונם „השלח", האָט ער אַליין איבערגעזעצט די ווערק פון די דעמאָלט יונגע שרייבער ב. שאַפיר און יונה ראָזענפעלד. ער האָט זיי דעמאָלט אָנגעבאָטן דרייהונדערט רובל (אַ באַדייטנדיקע סומע פאַר יענער צייט), אויב זיי וועלן זיך אויסלערנען העברעאיש.

V

פאַר דער גרופע יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן אין דער מלחמה-צייט איז ביאַליק געווען אַן איבערגעגעבענער פאַרזאָרגער. ער האָט זיך גענומען צום האַרץ יעדע זאַך, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו די מענטשן און זייערע נאָענטע. און ער האָט טאַקע אַ סך געטון פון זייערטוועגן. מיט זיין אויטאָריטעט און פּאָפּולערקייט, איז ער שטענדיק גרייט געווען צו גיין זיך משתדל זיין און זיך איינשטעלן פאַר זיינע יינגערע קאָלעגן.

אַזוי איז געווען בעת אין זומער פון יאָר 1915 האָט דער דעמאָלטיקער הויפּט-קאָמאַנדיר פון דער רוסישער אַרמיי ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש פאַרמאַכט די יידישע פּרעסע אין גאַנץ רוסלאַנד. די זשורנאַליסטן און שרייבער זענען געבליבן אַרבעטסלאָז. מען איז געגאַנגען צו ביאַליקן, האָט ער זיך געווענדט טעלעגראַפיש צו דר. קאַצענעלסאָן אין פּעטערבורג און לויט זיין אויפפאָדע-

רונג איז פון דאָרטן אָנגעקומען שטיצע פאַר די אַרבעטסלאָזע. אַ גאַנץ יאָר האָט זיך געצויגן די אַרבעטסלאָזיקייט און ביאַליק האָט סיסטעמאַטיש די גאַנצע צייט געזאָרגט, אַז אַלע זאָלן באַקו־מען דעם מינימום פון זייערע הצטרכותן. ביאַליק האָט דאָס גע־מאַכט אין אַ בכבודיקער פאָרם. די שטיצע איז אַרויסגעגעבן גע־וואָרן ווי אַוואַנסן און שכירות פאַר פאַרשידענע ליטעראַרישע באַ־שטעלונגען, איבערזעצונגען א. אַ. וו.

שפּעטער, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן מאָבּיליזאַציעס און אַנדערע ענינים, וואָס האָבן אַרויסגעשטויסן די יינגערע שרייבער פון זייער נאָרמאַלער אַלטעגלעכקייט, איז ווידער אַמאָל ביאַליק געווען דער, וואָס האָט מיט אַלע מעגלעכקייטן געזוכט די מענטשן לייכטער צו מאַכן זייער גורל. ער איז אַליין געפאָרן אין געוויסע ערטער און האָט זיך אינטערעסירט און אויסגעפועלט אַלערליי פאַרלייכטערונגען און הנחות. דאָס זענען אַלץ זאַכן, וואָס פאַר־געסן זיך נישט, ווי מען זאָל זיך נישט באַציען צו זיינע פּרינציפּן און אָנשויאונגען.

## IV

אין אָדעס פלעגט ביאַליק אָפט אַרויסטרעטן מיט פאָר־טראַגן אין דער אָפּטיילונג פון „דוברי עברית“.

אַ גלענצנדיקער רעדנער און אויסערגעוויינלעכער סטיליסט, פלעגן זיינע אַרויסטרעטונגען האָבן דעם גרעסטן דערפאָלג. בכלל האָט ער נישט גאָר ליב געהאַט צו רעדן עפנטלעך. ער האָט זיך באַגנוגנט מיט זיינע גייסטרייכע און באַלערנדיקע געשפּרעכן, ווו ער האָט אַריינגעלייגט אַ סך טעמפּעראַמענט און וויסן. צוויי מאָל איז ביאַליק אַרויסגעטרעטן עפנטלעך אין דער מלחמה־צייט אין אָדעס: אויף אַ גרויסן ליטעראַרישן אָוונט, ווו ער האָט גע־לייענט אין רוסיש (יידיש און העברעאיש זענען דעמאָלט געווען

פאַרבאַטן) זיין „בין נהר פרת ונהר חדקל" (זשאַבאָטינסקיס איבערזעצונג) און דאָס צווייטע מאָל מיט אַ פאָרטראַג (אויך אויף רוסיש) „הלכה ואגדה". ביאַליק האָט שפּעטער אַליין געלאַכט פון זיינע רוסישע אַרויסטרעטונגען, נאָר ער האָט קיין אַנדערע ברירה נישט געהאַט. אויפן ערשטן אָוונט איז אויך אַרויסגעטרעטן דוד פרישמאַן, וועלכער האָט געלייענט זיין „תתחדש" אין אַ רוסישער איבערזעצונג.

שאַרפזיניק, טיף און אָריגינעל איז ביאַליק געווען אין זיינע געשפּרעכן, אָפּרופן און מיינונגען. ס'איז אַ גרויס, ליכטיק און ערנסט קאַפּיטל „ביאַליק שבעל-פה", וואָס דאַרף נאָך צונויפגענומען און אָנגעשריבן ווערן. דאָס איז אַ ברייטע אַרבעט, וויל אָן אַ שיעור פּערזאָנען וועלן אַ סך קאָנען דערציילן. ביאַליק פלעגט זיך אָפּרופן אויף אַלערליי דערשיינונגען אויף זיין אייגענעם ביאַליקישן שטייגער, מיט אָריגינעלער בליצאַרטיקייט און שאַרפקייט. ווי יעדער אמתער גדול, איז ער געווען באַשיידן און אָפט פול מיט ספקות. מ'איז אַמאָל געקומען צו אים בעטן אַן אינטערוויו וועגן אַ געוויסער געשעעניש, האָט ביאַליק געזאָגט:

„ווי קאָן איך אייך זאָגן מיין מיינונג, אַז אין אַ פאָר שעה אַרום קאָן איך זאָגן דעם היפוך דערפון, וואָס איך טראַכט איצט וועגן דעם".

אין אַ דעם איז קורץ פאַר דער מלחמה אַרויסגעטרעטן די וועלט-באַרימטע טענצערין אייסעדאָראַ דונקאַן. ביים אַרויסגיין האָט דער דיכטער מיט התלהבות אויסגעשריגן:

„זי מעג טאַנצן יום-כּיפּור אין קדשי קדשים פונם בית-המקדש!"

דער באַרימטער היסטאָריקער שמעון דובנאָוו דערציילט, אַז אין אָנהייב מלחמה-צייט האָט ער אין אַ בריוו-אויסטויש מיט ביאַליקן אים אָנגעפרעגט, פאַרוואָס ער איז אַנטשוויגן געוואָרן (די באַרימטע שאלה וועגן „שתיקתו של ביאַליק") האָט אים ביאַליק בערך געענטפערט:

„מיר איז באַשערט געווען דורכצופירן אַ מיסיע, כ'האָב צען מאָל געדיכטעט. מיין צייט האָט זיך געענדיקט, איצט זאָלן אַנדערע דיכטן".

דער בריוו, דערציילט דובנאָוו, איז געווען אַ מין חשבון-הנפש פונם דיכטער, אַ דאָקומענט פון עניוות און אויפריכטיקייט.

# אלחנן קלמנסאָן
(שטריכן)

## I

איך זיץ אַנטקעגן אים און קוק אַריין אין זיינע גרויסע, טיפע, קינדישע אויגן, וואָס באַקומען אַ שימערנדיקן אָפּגלאַנץ פון די געשליפענע ברילן-גלעזער. איך זיץ אַנטקעגן אים, הער אויס זיינע מעשיות, מיט וועלכע איך קוויק זיך בפועל ממש, הער אויס זיינע אָנזיכטן און מיינונגען, מיט וועלכע איך בין לחלוטין נישט מסכים און בריקעווע זיך טיילמאָל ווי אַ חדר-יינגל, אַ מחוצף, וואָס וויל נישט הערן „וואָס טאַטע-מאַמע און גוטע לייט זאָגן". איך הער אים אויס, האָב הנאה, צעשמעלץ זיך פון פאַרגעניגן, ווער אָנגעשטרענגט, רעג זיך אויף, און אויף זיינע רויִקע, במתיקותדיקע רייד, פּלאַץ איך אַרויס מיט קולי-קולות. ער הערט מיך אָבער געמיטלעך אויס, מיט ערנסט און מיט פאָטערלעכער ליבע און צוגעטועניקייט און פּרוּווט מיר איינרעדן, אַז טיף אין האַרץ בין איך מיט אים מסכים, בין נישט ווייט פון אים און זיינע אידעען.

זיינע רייד ווירקן, באַרויִקן, גלעטן און צערטלען. און פלוצלינג קומט אַ מאָדנער געדאַנק אין קאָפּ: אָט דער פאַרזילבערטער זקן איז נישט פון אונזער דור און נישט פון די נאָענטע פאַרגאַנגענע דורות, וועגן וועלכע ער ווייסט אַזוי פיל און אַזוי מערקווירדיק צו דערציילן. ער איז פון ערגעץ אַנדערש, פון אַ סך ווייטערדיקע דורות, פון גאָר-גאָר ווייטע... דען ווי קומט דאָס אין אונזער צייט, אין אונזער דור, ווו קינדער זענען שוין פראַקטיש, ניכטער און רעאַל אין זייערע איבערצייגונגען און מיינונגען,

רייף אין זייערע געפילן און שטרעבונגען, — ווי קומט דאָס אין אונזער דור אַזאַ מין מענטש מיט אַזוי פיל נאַאיוון קינדישן גלויבן, מיט אַזאַ טיפער ליבע צו אַלעמען. ווען אַזעלכע פערזאָנען קאָן מען לייענען ערגעץ אין אויסגעטראַכטע ביכער, מען שטעלט זיי פאַר אַ מוסטער, ווי אַזוי מענטשן וואָלטן אייגנטלעך געדאַרפט זיין, ווען זיי זענען נישט דאָס, וואָס זיי זענען. און אפשר זענען טאַקע אַמאָל, מיט אַ סך, גאָר אַ סך יאָרן און דורות צוריק גע־ווען אַזעלכע מענטשן. אָבער יענע האָבן נישט געקענט אַריינשפּאַרן אין אונזער צייט. ניין, דאָס קאָן נישט זיין! ער איז אַ פאַרבלאָנ־זשעטער צו אונז פון ערגעץ וויַיטע דורות, לאַנג פאַרגאַנגענע צייטן...

און קוים פיל איך דאָס ביי זיך, ווערן פאַר מיר קלאָר אַ סך זאַכן, וואָס איך האָב זיך פון אים און וועגן אים אָנגעהערט. ווערט מיר קלאָר, ווי אַזוי ער האָט זיך געשטעלט אַמאָל אויס־טענהן מיטן קיעווער אָבער־פּאָליצמייסטער, ווען יענער האָט אים איבערגעגעבן אַ פּאַפּיר, אַז ער טאָר שוין מער נישט וווינען אין דער „הייליקער שטאָט", וויַיל די קינדער האָבן שוין געענדיקט די שולן. ווערט מיר קלאָר, ווי אַזוי דערדאָזיקער הויכער טשי־נאָווניק האָט אויסגעהערט דעם ייד קלמנסאָן, איז געוואָרן מיט אים גרויסע ידידים, אים איבערגעלאָזט לאַנגע יאָרן וווינען אין קיעוו און געטון דורך אים טובות יידן. ווערט פאַר מיר אויך קלאָר, פונוואַנען גרויסע יידישע פערזענלעכקייטן און שרייבערס האָבן געהאַט צו אים אַזאַ אויסערגעוויינלעך־וואַרעמע באַציאונג. ווערט מיר קלאָר, פאַרוואָס דערדאָזיקער מענטש האַלט נאָך הייַנט כּאָר נייטיק צו קעמפן קעגן ווינטמילן און זוכט צו באַווייזן, אַז „אונזער תנ"ך" איז שטאַרקער, אָריגינעלער און חשובער פאַרן „ברית חדשה", למשל. ס'ווערן מיר קלאָר אַ סך זאַכן. איך דאַרף נאָר טיפער אַריינקוקן אין זיינע גלאַנציקע אויגן און הערן זיין מע־לאָדישע אַ ביסל מאָנאָטאָנע שטים, נישט אַריינדרינגענדיק אין דעם, וואָס ער דערציילט בעת מעשה.

איז ער אַ שטיק לעבעדיקע יידישע ליטעראַטור־געשיכטע. לאָזט ער זיך צראָפּ אין די לאַבירינטן פונם זכרון און שעפּט אַרויס גאַנצע פּעק מיט עפּיזאָדן, כאַראַקטעריסטיקעס, צופאַלן און פּאַסי־רונגען מיט פּערזאָנען, וואָס זייער זכרון ווערט ביסלעכווייז אָפּ־געבלייכט און אָפּגעמעקט אין אונזער ליטעראַטור. שאַצקעס, לי־נעצקי, צווייפל, ליפשיץ, מוח און נאָך און נאָך האָט ער געגעבן אַ תיקון אין זיינע ווערטפולע מאַטעריאַלן פאַר ליטעראַטור־פאָר־שער, היסטאָריקער און ביאָגראַפן. אַ גאַנצע ליטעראַטור־היסטאָרי־שע עפּאָכע, שוין אַ האַלב־פאַרגעסענע און פאַרשלאָפענע, האָט ער אויפגעשטעלט פאַר אונז.

מיט אַ באַזונדערער פּשטות פון אַ רויִקן דערציילער האָט ער אונז אַריינגעפירט אין די אַמאָליקע צייטן, צווישן די משכּילים, שרייבער און רעוואָלוציאָנערן פון פאָריקן יאָרהונדערט. וואָס פאַר אַ שלל ליכטיקע פּערזענלעכקייטן, באַהאַרצטע, אומדערמידלעכע קעמפער, מסירת־נפשדיקע אידעאַליסטן, גייסטרייכע פאַנטאַזיאָרן! — אַ גאַנצע גאַלעריי פאָרטרעטן פון מוסטער־מענטשן, וואָס האָבן באַרייכערט, אָנגעפירט, געטראָגן ליכט און וויסן און באַגייסטערונג אין די נישט לאַנג פאַרגאַנגענע דורות.

מיט אַ פיר יאָר צוריק איז בערגלסאָן דאָס ערשטע מאָל געווען אין ריגע. „איר ווייסט גאָרנישט, ווען איר האָט דאָ ביי אייך אין ריגע", האָט ער איינמאָל אַ זאָג געטון. „אין ריגע, דאַכט זיך, זענען אַלע אויפן אויג און מען קען גאַנץ גוט איינער דעם אַנדערן", האָט מען אים באַמערקט מיט אַ ספקות. „ניין, ניין, איר ווייסט נישט! דאָ איז פאַראַן אלחנן קלמנסאָן פון קיעוו, אַן אַל־טער ליטעראַט און איינער פון די אינטערעסאַנטסטע פּערזענלעכ־קייטן. מען דאַרף אים באַזוכן".

אין אַ האַלבער שעה אַרום זענען מיר געזעסן ביי קלמנסאָן, נען און האָבן געשלונגען זיינע רייד. ס'האָט זיך אויפגעהויבן דער פאָרהאַנג פון אַ גאַנצער תּקופה און ס'זענען אַרויסגעשוווּמען גע־

מען, ווערק און געשעענישן, וועלכע דער בעל־מדבר האָט מיטגע־מאַכט און גוט געקענט. ער האָט דערציילט און דערציילט און מיר זענען נישט מיד געוואָרן הערנדיק.

און ווי נאָר עס האָט זיך געשאַפן די ערשטע מעגלעכקייט (ס'האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אין ריגע דער „פרימאָרגן"), איז מיין געשריי געווען צו אים: „געוואַלט, שרייבט אָן דאָס אַלץ, וואָס איר דערציילט!" זיין ענטפער איז אָבער געווען אַ שטרענגער און אכזריותדיקער: „איך בין נאָך נישט אַזוי אַלט, אַז איך זאָל שוין נעמען שרייבן מעמוּאַרן". „מען שרייבט דאָך אָבער איצט מעמואַרן צו צוואַנציק יאָר!"... ס'האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. האָבן מיר געפירט אַ האַרטנעקיקן און לאַנגן קאַמף. ער האָט אָבער סוף־כל־סוף נאָכגעגעבן און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַ־ווייזן די וווּנדערלעכע און ווערטפולע אַרטיקלען, זכרונות און כאַ־ראַקטעריסטיקעס פון די גדולים פון די פריערדיקע דורות, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַזאַ גרויסן אינטערעס ביי די לייענער און נאָך מערער — ביי די שרייבער און ליטעראַטור־היסטאָריקער. נ. שטיף און זלמן רייזן, א. טשעריקאָווער און יעקב לעשטשינ־סקי האָבן מיטן גרעסטן נייגיר געלייענט די אַרטיקלען, זיך גע־רעכנט מיטן מאַטעריאַל און זיך אָנגעפרעגט וועגן דעם מחבר.

און דער מחבר — דאָס נאַאיווע גרויסע קינד, באַלאָדן מיט די צענדליקער יאָרן — האָט גאָרנישט חושד געווען און נישט גע־פילט די אוצרות, וואָס ער פאַרמאָגט. ער איז געזעסן און האָט אַ סך דערציילט און ווייניק געשריבן, ביז אין אַ געוויסן טאָג האָט די פעדער אויפגעהערט געהאָרכזאַם צו זיין און ער האָט זיך דערוויילן געמוזט מיט איר שיידן.

1929

## II

אין דער שטאָט שקלאָוו, וואָס איז געווען באַריכט אין פאָריקן יאָרהונדערט מיט אירע גרויסע משכּילים און אויפגעקלערטע, תּלמידי-חכמים און שריפטשטעלער, איז 14 טעג אין שבט 1857 (לויט זיין אייגענער אָנווייזונג) געבוירן געוואָרן אלחנן קלמנסאָן. די פאַמיליע קלמנסאָן איז געווען געקנאָטן פון יחוס און השכּלה. זיין זיידע אלחנן האָט זיך גערעכנט פאַר אַ משכּיל און תּלמיד-חכם. ער האָט געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיטן באַרימטן דיכטער ש. ד. לוצאַטאָ (שד״ל) און אַנדערע גדולים פון זיין דור.

זיין פאָטער, ר׳ משה קלמנסאָן, איז אַליין אויך געווען אַ שריפטשטעלער. זיין ספר „עשרה מאמרות״ (איבער דערציִונגספראַגן) האָט זיך גערעכנט פאַר אַ קלאַסישער אַרבעט אין דער דעמאָלטיקער העברעאישער ליטעראַטור. ער האָט אויך אָפּגעדרוקט אַ ספר „ענת עני״ און אַנדערע. וועגן זיינע ספרים האָט געשריבן ש. דובנאָוו („וואָסכאָד״) און א. ש. פרידבערג („המליץ״). אויך משה קלמנסאָן איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די שרייבער פון זיין דור. אין דער בריוו-זאַמלונג פון דוד פרישמאַן געפינען מיר עטלעכע בריוו צו משה קלמנסאָן. אויך אין זיינע בריוו צו י. י. וויסבערג רופט זיך פרישמאַן אָפּ מיט אַכטונג צו די קלמנסאָנס (משה און אלחנן) און ער לאָזט זיי אָפּט גריסן.

צו דרייצן יאָר האָט אלחנן קלמנסאָן פאַרלאָזט זיין געבורטסאָרט און פאָרט אַריבער קיין אָסטער (טשערניגאָווער גובערניע), וווּ ער בלייבט איבער ביז זיין זיבצענטן יאָר. אלחנן קלמנסאָן קומט אָן אין קיעוו בערך אין יאָר 1874. דאָרטן קומט ער אַריין אין דער סביבה פון די העברעאישע סאָציאַליסטישע דיכטער דר. יצחק קאַמינער און יהל״ל. ער ווערט אַריינגעצויגן אין דער סאָציאַליסטישער טעטיקייט. צו דערדאָזיקער גרופּע זאָל האָבן אָנגעהערט אויך ש. י. אַבראַמאָוויטש (מענדעלע מוכר ספרים). ווי

אלחנן קלמנסאָן שרייבט אין איינעם פון זיינע אַרטיקלען, זאָל מענדעלע האָבן אָנגעשריבן די ערשטע פּראָקלאַמאַציע אויף יידיש.

אלחנן קלמנסאָן ווערט געשיקט מיט פּראָקלאַמאַציעס און אויף סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע קיין בערדיטשעוו, ווו ער באַקענט זיך מיטן באַרימטן מחבר פונם ערשטן יידיש-רוסישן ווערטער-בוך, דעם הייסן קעמפער פאַר דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, ... דעם ליפשיץ. ליפשיץ האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף אלחנן קלמנסאָן. דידאָזיקע ווירקונג האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, ווען אלחנן קלמנסאָן פאַרעפנטלעכט זיין באַקאַנטע בראָשורע „דאָס לעבעדיקע וואָרט” (קיעוו, 1910), ווו ער טרעט אַרויס מיט הייסע און איבערצייגנדיקע אַרגומענטן פאַר דער יידישער שפּראַך.

אלחנן קלמנסאָן האָט אָפּגעלעבט אין קיעוו די גרעסטע און בעסטע טייל פון זיין לעבן, אַן ערך פערציק יאָר. דידאָזיקע פערציק יאָר זענען געווען פאַרשידנאַרטיקע, רייכע אין נסיונות, צרות, ליידן און אויך אַ ביסל פרייד אינם לעבן פון יידן בכלל און דעם לעבן פון קיעווער יידן בפרט, און אלחנן קלמנסאָן האָט זיין לעבן ענג פאַרבונדן מיטן לעבן פון יידישן כלל. זייענדיק אַ סאָציאַליסט פון אַלטן דור, וואָס האָט דעם סאָציאַליזם באַטראַכט נישט אַזוי ווי אַן אייזערנע היסטאָרישע נויטווענדיקייט, נאָר ווי אַ ריין-הומאַנעם געפילס-ענין, האָט קלמנסאָן תמיד געלעבט מיט די ענינים פון כלל. ער איז תמיד געשטאַנען שטאָל און אייזן פאַר אונטערדריקטע און געפּלאָגטע.

די גרויסע שיינע שטאָט קיעוו איז געווען אַ מין שרעקנס-סימבאָל פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד. דער גרעסטער צענטער אין סאַמע האַרץ פון אוקראַיִנע. אַרום און אַרום זענען צעוואָרפן צענדליקער און הונדערטער שטעט און שטעטלעך, וואָס זענען אָנגעפילט מיט יידן. שטייט דער צענטער ווי אַן אינזל אויפן ים און אַ יידישער פוס טאָר אַהין נישט אַרויפקומען. דאָס

לעבן און יידישע עקשנות איז אָבער געווען שטאַרקער פאַר די ביוראָקראַטישע געזעצן און חומרות פון דעם צאַרישן רוסלאַנד און יידן זענען אַלץ מער און מער צוגעקומען אין דער „הייליקער" שטאָט קיעוו.

פאַרשטייט זיך, אַז מיטן אָנקומען פון יידן קיין קיעוו, זענען אויך געשטיגן די יידישע צרות. קלמנסאָן איז געווען פון די־יעניקע, וואָס האָבן זיך גענומען צום האַרץ די אינטערעסן און צרות פון כּלל און פּרט. אלחנן קלמנסאָן אַליין איז געווען אַן אָנגעשטעלטער און האָט געלעבט אין קיעוו מיטן זכות פון דעם, וואָס זיינע קינדער האָבן באַזוכט די דאָרטיקע גימנאַזיעס. ער איז געווען אַ פאַרנומענער מענטש, דאָך האָט ער געפונען גענוג צייט צו שרייבן. זיינע אַרטיקלען האָבן זיך געדרוקט כּמעט אין אַלע דעמאָלטיקע העברעאישע אויסגאַבעס, ווי „המגיד", „המליץ", „הצפירה", „עברי אנכי", „כּנסת הגדולים" און אַנדערע.

אלחנן קלמנסאָן האָט געהאַט אַ חוש נישט נאָר פאַר געזעלשאַפטלעכקייט, נאָר אויך פאַר ליטעראַטור. ניש טאומזיסט האָט ער כּסדר געלעבט און געאָטעמט אין דער סביבה פון די אינטערעסאַנטסטע און גייסטרייכסטע שרייבער שלום־עליכם, שאַצקעס, אליעזר צווייפל (קלמנסאָנס פרויס פעטער), יהלל, אליעזר שולמאַן, אַטלאַס, מ. מ. וואַרשאַווסקי און אַנדערע קיעווער שרייבער און משכּילים. ער איז אויך געשטאַנען אין פאַרבינדונגען מיט דוד פרישמאַן, נחום סאָקאָלאָוו, פּרץ סמאָלענסקין, יעקב מאַזע (וועלכער דערמאָנט אים אין זיינע זכרונות) און אַנדערע.

מיט אַן ערך פופציק יאָר צוריק האָט פרישמאַן אַרויסגעגעבן זיין באַוווּסטן פאַמפלעט „תהו ובהו", מיט וועלכן ער איז אַרויס אין אָפענעם קאַמף קעגן דער בטלנות און שימל, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין דער העברעאישער ליטעראַטור און פּרעסע. די בראָשורע האָט געמאַכט אַ גרויסן טומל אין דער יידישער וועלט. פון פאַרשידענע זייטן איז מען דעמאָלט אָנגעפאַלן אויפן יונגן פרישמאַן. דער שוין דעמאָלט בכּבודיקער משה לייב ליליענ־

בלוט איז אַרויס אין „המליץ" מיט אַן אַרטיקל, ווו ער האָט גע־מאַכט צו אַש און צו בלאָטע דאָס יונגע חוצפהדיקע בחורל, וואָס זוכט פאָפולאַריטעט אוודאי, בכדי צו טון אַ גוטן שידוך... דער געלערנטער דר. ש. בערנפעלד האָט אָפּגעדרוקט אַ שאַרף אַרטיקל אין „המגיד". ער האָט געשריגן געוואַלט און פאָרויסגעזאָגט אויף זיכער, אַז דערדאָזיקער מחבר האָט אָנגעשריבן זיין ערשט און אויך לעצט ווערק... מער קען ער נישט, און מער וועט ער נישט שרייבן... (שפּעטער מיט אַ צוואַנציק יאָר (1901) איז דר. ש. בערנפעלד געווען דער הויפּט־מיטאַרבעטער פון פרישמאַנס וואָכנ־שריפט „הדור", ווו ער האָט געדרוקט צו צוויי אַרטיקלען כמעט אין יעדן נומער). נאָר אין „עברי אנכי" זענען געגאַנגען וועגן פרישמאַנען זעקס אַרטיקלען אונטערן טיטול „ככב חדש הופיע על שמי הספרות העברית" (אַ נייער שטערן האָט אויפגעשיינט אויפן הימל פון דער יידישער ליטעראַטור). אויף די אַרטיקלען איז געווען געחתמעט אלחנן קלמנסאָן. מיט אַ 25–30 יאָר שפּע־טער איז קלמנסאָן געווען דער באַגייסטערער און וועגווייזער פון דוד בערגלסאָן און זיינע חברים אין קיעוו, וואָס האָבן מיטגע־האָלפן שאַפן די נייע יידישע ליטעראַטור.

אונטער דער השפעה פון דר. לעאָן פינסקער ווערט קלמנסאָן אַריינגעצויגן אין דער באַוועגונג פון די „חובבי־ציון", ווו ער ווערט אַן אַקטיווער טוער. שפּעטער ציט ער צו צום ציוניזם דעם באַרימטן פּראָפעסאָר ע. מאַנדלשטאַם, וואָס האָט, ווי באַוווסט, גע־שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער ציוניסטישער באַוועגונג.

ביז נאָכן ביילים־פּראָצעס אָנהייב יאָר 1914 האָט קלמנסאָן אָפּגעלעבט אין קיעוו, ווו ער איז געשטאַנען אינם צענטער פונם יידישן געזעלשאַפטלעכן און ליטעראַרישן לעבן. נאָכדעם פאָרט ער אַריבער קיין ארץ־ישראל. ער באַקומט דאָרטן דעם פּאָסטן פון אַ פרידנס־ריכטער. ער באַפריינדעט זיך מיטן שפּעטער טראַגיש־אומ־געקומענעם י. ח. ברענער און מיט די אַנדערע יידישע שרייבער און געלערנטע אין ארץ־ישראל. ער דרוקט דאָרטן אָפּ אַ ספרל „הרהורים של שירתנו הצעירה" (געדאַנקען איבער אונזער יונגער

פּאָעזיע). דאָס איז אַ קריטישע אָפּהאַנדלונג איבער דער נייער העברעאישער פּאָעזיע. לויט קלמנסאָנס מיינונג איז די נייע פּאָע־זיע נישט אויף דער נייטיקער הויך. די פּאָעזיע איז באַרופן גע־וואָרן צו שטעלן פּראָבלעמען, צו פאַרשפּרייטן אידעאַלן, צו טראָגן אידעען, צו דינען דער גערעכטיקייט און דער געזעלשאַפטלעכקייט. די נייע פּאָעזיע איז אָבער דערפון ווייט אַוועק. אַנשטאָט צו פאַר־הערלעכן אידעען און דינען דעם כּלל, הערשט דאָרטן דער קולט פונם יחיד, פונם דיכטער, וואָס זעט נאָר זיך, גיט זיך אָפּ זיינע פּערזענלעכע איבערלעבונגען און שטימונגען. דאָס ברענגט דערצו, אַז די פּאָעזיע ווערט טיילמאָל אפילו פאַרוואַנדלט אין פּאָרנאָגראַ־פיע און אויסדרוק פון הפקרות. די פּאָעזיע, מיינט קלמנסאָן, דאַרף גיין אין די וועגן פון דער טראַדיציע, שטרעבן צו פאַרבעסערן און פאַרשענערן דאָס לעבן און דערוועקן די שטרעבונגען צו יושר, מענטשלעכקייט און שיינקייט. אגב גרייפט דאָרטן אָן קלמנסאָן דעם זיידן פון דער יידישער ליטעראַטור, מענדעלע מוכר ספרים, וועלכער האָט בלויז געשילדערט דאָס מיאוסע, עקלהאַפטע אינם יידישן לעבן און האָט נישט פאַראייביקט די שיינע און גוטע זייטן. דאָס ביכל איז אפילו אָנגעשריבן אַ ביסל נאַאיוו, אָבער מיט אַ סך אויפריכטיקייט, איבערצייגונג און קענטשאַפט.

אין ארץ־ישראל האָט אלחנן קלמנסאָן אויך אָפּגעדרוקט זיין ספר „לקוטי סציאליות", אין וועלכן ער באַגרינדעט דעם סאָ־ציאַליסטישן געדאַנק. וועגן דעמדאָזיקן ספרל האָט י. ח. ברענער געשריבן אַ וואַרעמע רעצענזיע אין „קונטרס" (אָרגאַן פון ציוניסטן־סאָציאַליסטן אין ארץ־ישראל).

אין ארץ־ישראל איז אויך אַרויס זיינס אַן אַגיטאַציע־בראָ־שור „דבר אל הנוער העברי" (אַ וואָרט צו דער יידישער יוגנט), אין וועלכער ער פּראָפּאַגאַנדירט דעם סאָציאַליזם.

שפּעטער איז קלמנסאָן געקומען קיין ריגע, האָט ער דאָ אָפּגעדרוקט אַ ספרל „סני וגולגולתא", וועגן יידנטום און קריסטנ־טום — אַ פּראָבלעם, וואָס האָט אים שטאַרק אינטערעסירט און וואָס אים האָט ער אָפּגעגעבן אַ סך צייט און מי.

זיין רייכע ביבליאָטעק האָט אלחנן קלמנסאָן איבערגעלאָזט אין קיעוו, ווו זי איז אין די מהומה־יאָרן פאַרבערנט געוואָרן. אויך האָט אלחנן קלמנסאָן פאַרמאָגט אַ גרויסן אַרכיוו מיט פאַר־שידענע בריוו, כּתבים און דאָקומענטן. ער האָט אים געהאַט אי־בערגעלאָזט אין ארץ־ישראל ביי דעם שריפטשטעלער־פּעדאַגאָג דר. צפרוני. אויף אַלע אומצייליקע אָנפראַגעס האָט אָבער קלמנ־סאָן קיין שום ענטפער נישט באַקומען און דערוויילֿ איז דער גורל פונם אַרכיוו אומבאַוווּסט.

אין קיעוו האָט אלחנן קלמנסאָן אַנטדעקט ב. באַלזאַק, דעם מחבר פונם באַרימטן ספר „תורת האדם", וועלכעס ער האָט געהאָלפן אַרויסגעבן. דער מחבר איז דורך דעמדאָזיקן ספר זייער מפורסם געוואָרן.

אין ריגע איז אלחנן קלמנסאָן אָנגעקומען אין יאָר 1922. אין 1923 האָט זיך אין דער טאָג־צייטונג „אונזער וועג" געדרוקט אין המשכים זיין „טאָגבוך פון אַן אַנטיסעמיט". שפּעטער האָט ער גע־דרוקט פאַרשידענע אַרטיקלען אין „דאָס פאָלק" און „פרימאָרגן". זיין אַרט שרייבן איז געווען אַ פּובליציסטיש־פעליעטאָניסטער, באַ־הויכט מיט אַ לייכטן הומאָר. זיינע הויפּט־אַרבעטן זענען אָבער געווען די זכרונות וועגן אַ ריי העברעאישע און יידישע שריפט־שטעלער און געלערנטע אין קיעוו און וועגן די ערשטע יידישע סאָציאַליסטן, געשריבן אין אַ פאָרם פון מאָנאָגראַפיעס־זכרונות. דאָס האָט אים געשאַפן אַ נאָמען אין דער יידישער ליטעראַטור־געשיכטע.

ווי אומעטום האָט אויך אין ריגע קלמנסאָן זיך דערוואָרבן אַ סך פריינט און פאַרערער, וואָס פלעגן קומען צו אים און זיך צוהערן צו זיינע אינטערעסאַנטע געשפּרעכן. קלמנסאָן האָט אין זיך פאַראייניקט אַ טיפע הייסע ליבע צו מענטשן, אַ שטאַרק אי־בערגעגעבנהייטס־געפיל צום יידישן פאָלק; ער איז געווען צוגלייך סאָציאַליסט און ציוניסט, יידישיסט און העברעאיסט, מאָראַליסט און עסטעט. ביי אים האָבן געלעבט בשלום פאַרשידענע, טיילמאָל קעגנגעזעצטע אידעען, פונקט ווי מיט אים זענען געווען נאָענט

באַפריינדעטע קעגנגעזעצטע פּערזאָנען און כאַראַקטערן. אין אים האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די אידעען און שטרעבונגען, וואָס האָבן אונז באַרירט אין די לעצטע 50—60 יאָר. אַלץ האָט געפונען אָן אינטערעס און אָפּקלאַנג ביי אים, נאָר מער און שטאַרקער פון אַלץ — דאָס ריין־מענטשלעכע.

ביי די אַלע, וואָס זענען מיט אים געקומען אין באַרירונג, האָט ער זיך איינגעקריצט טיף אין זכרון, ווי אַ ליבער, טייערער און האַרציקער מענטש, וואָס ווערט קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

# משה טייטש

משה טייטש איז געווען אַן אָפּטימיסט. נאָך מיט צענדלי־קער יאָרן צוריק, ווען ער איז געקומען אין דער יידישער ליטע־ראַטור, האָט ער זיך צעשמייכלט מיט אַ שטילן שמייכל און האָט זיך אינטים דורכגעשמועסט אין פערזן און ריטמען מיטן לייענער. זיינע לידער זענען שטילע מאָטיוון, אָבער פריילעכע, זאָרגלאָזע און שמייכלענדיקע. אַזוי קען נאָר זינגען און דערציילן איינער, וואָס האָט ליב דאָס לעבן, איז פאַרליבט אין דער נאַטור און אין מענטשן.

משה טייטש איז געווען אַזאַ מין פאַרליבטער. אַ שטילער, רויִקער און בנעימותדיקער איז ער געגאַנגען דורכן לעבן, וואָס האָט צו אים אָפּטמאָל גאָרנישט געשמייכלט, ווייניקסטנס אין די פריערדיקע יאָרן. ער האָט אָבער אויף דעם קיין גרויס אַכט נישט געלייגט, און ווי שווער אים איז נישט געווען, האָט ער זיך, ווי אַ פאַרליבטער, אַרומגעטראָגן מיט פּלענער און מיט חלומות. ער האָט כסדר געשוועבט אין אַ וועלט פון קלאַנגען, ריטמען און טע־נער, אָדער האָט געטראַכט וועגן טעמעס און סיטואַציעס פאַר דערציילונגען און דראַמען. און ער איז תמיד געבליבן דער אָפּ־טימיסט, וואָס האָט מיט ברייט געעפנטע אויגן געקוקט מיט האָ־פענונג אין דער צוקונפט אַריין.

*

נאָך מיט 25 יאָר צוריק איז אַרויס זיינס אַ זאַמלונג „לי־דער". פאַרהאַן, אמת, אין דאָזיקער זאַמלונג אַ רייע נאַאיווע גע־גראַמטע סטראָפן, וואָס האָבן ווייניק צו טון מיט פּאָעזיע. ס'פילט זיך, אַז טייטש האָט דאָס געשריבן אונטער דער ווירקונג פון די

יידישע דיכטער, וואָס זענען אין יענער צייט געווען די טאָן-גע-בער. דיראָזיקע סטראָפן זענען געשריבן מיט דער דעמאָלטיקער ראָמאַנטישער פאַרחלומטקייט און מיט דער כאַראַקטעריסטישער ביטערלעך-איראָנישער פאַרענדונג. דאָס געהערט צו די יוגנט-זינד פונם דיכטער, אומבאַוווּסטזיניקע, ווי ביי יעדן אָנפאַנגער. אָבער אָט באַגעגענען מיר אַ רייע לידער, וווּ משה טייטש קומט אַליין צום וואָרט און עס שטראָמט מיט לעבנספרייד, התפּעלות פאַר דער נאַטור, קלאָרער אויסבליק פאַרן פייזאַזש און געהער פאַר אי-נעווייניקסטער מוזיק און קלאַנג.

פרילינג, זומער, האַרבסט און שניי — זענען ציקלען לידער, אין וועלכע דער דיכטער זינגט וועגן די נאַטור און אירע פאַר-וואַנדלונגען:

„איינגעהילט אין תכלת-מאַנטל
מיט אַ גאָלדענער עטרה,
שטייט דער פרילינג אין די פעלדער
און איז מקריב טויען קלאָרע" —

אַזוי זעט דער דיכטער דעם פרילינג.

„טילי-טילי — פונקט ווי גלעקלעך,
ווי די זילבער-העלע גלעקלעך,
קלינגט אין פעלד פון פרי ביז נאַכט:
עמעץ פרייט זיך, עמעץ לאַכט".

אַזוי ה ע ר ט ער דעם פרילינג.

און אָט מיט וואָס אַ פאַרביקייט און רחבותדיקער פרייד ער באַנעמט דעם זומער:

„דער הימל — אַ ים, און די וואָלקן — באַזילבערטע אינזלען,
די זון פאַרבייי זיי שווימט אין גאָלדענער שיף שטיל, באַזאַכט,
און שטיפעריש שפּריצט זי אַראָפּ אויף די בליענדע פעלדער
אַ רעגן פון לויטערע שטראַלן, און פרייט זיך און לאַכט".

און וואָס דאַרף מען שוין מער לעבנספרייד און התפּעלות, ווי:

„היינט בין איך דער חבר פון פויגל, און זון און פון בלומען,
און באָד זיך אין רעגן פון לויטערע שטראַלן ביז נאַכט".

און דער האַרבסט הייבט זיך ביי אים אָן מיט: „לאַנגזאַם שוועבן שפּינגעוועבן" און „קאָלירטע שטראַלן בליקן, קייקלען זיך ווי צויבער-רעדער" און פאַרענדיקט זיך — „דער האַרבסט האָט די אויגן די מידע פאַרמאַכט".

ער זעט די אומעטיקע פעלדער פון ליטע און באַזינגט די וואָלקנדלעך לופטיקע, וועלדלעך צעשאָטענע. ער קאָן אָבער לאַנג נישט בלייבן ביי דער מרה־שחורה פון דער ליטווישער אָרימער נאַטור און ער וואַרפט זיך אַריבער צו די ווינטער-פייזאַזשן, ווו ס'אַנטפּלעקט זיך פאַר אים אַ וויזיע: „ס'האָט זיך די זון פונדערפרי נישט געוויזן, ס'האָבן געפאַנגען זי בלוי-שוואַרצע ריזן, וואָס האָבן די ערד מיט אַ שאָטן פאַרצויגן", אָדער: „אין אַ טונקל-בלויען שליטן פאָרט אַרויס פון וואַלד די נאַכט".

דאָס איז געשריבן געוואָרן מיט איבער אַ פערטל יאָרהונ־דערט צוריק, ווען די יידישע ליטעראַטור האָט געהאַט אמתע פּאָ־עטן צו ציילן אויף די פינגער. אמת, דאָ פילט זיך טיילווייז דער איינפלוס פון די רוסישע קלאַסיקער, אָבער ווער האָט אַזוי אין יענער צייט געשריבן אויף יידיש?

ס'איז דעריבער קיין וווּנדער נישט, וואָס אויף אַ ריי יידי־שע פּאָעטן האָט משה טייטש דעמאָלט געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג, ווי, למשל, אויף לייב ניידוס, און, דאַכט זיך, אויך אויף אַ טייל פון די „יונגע" אין אַמעריקע, וואָס זענען געקומען שפּעטער.

שפּעטער האָט משה טייטש אויך פאַרעפנטלעכט אַ ריי פּאָע־מען, דערציילונגען און דראַמען. נישט געקוקט אויף די וואַנדע־רונגען זיינע און דעם אָפּגעבן זיך מיט ציימונגס-אַרבעט, וואָס האָט אָפּגענומען ביי אים אַ סך צייט און ענערגיע, האָט ער דאָך באַוויזן צו זיין פּראָדוקטיוו אויפן ליטעראַרישן געביט.

ביז נאָך דער רעוואָלוציע האָט זיך אים זייער שווער גע־לעבט. די וואַנדערונגען פון ווילנע קיין אָדעס, נאָכדעם צוריק קיין

ווילנע, שפעטער קיין כארקאָוו, קיעוו און ווידער כאַרקאָוו, די שטענדיקע נישט זיכערקייט, נויט און דחקות האָבן אָבער לחלוטין נישט געווירקט אויף זיין געמיט. ער איז געבליבן דער מענטש, וואָס האָט אויפגענומען געשעענישן און דערשיינונגען מיט אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט און – דער עיקר – האָט קיינמאָל די פען פון האַנט נישט אַרויסגעלאָזט. ער האָט זיך פאַרמאָסטן אויף אַלע פאָר־מען פון ליטעראַרישן שאַפן. אים איז אפילו אינטערעסאַנט געווען צו מאַכן פאַרשידענע ליטעראַרישע עקספּערימענטן אינם גייסט פון היפּער־מאָדערניזם, ווען ס'איז געווען די מאָדע אויף דעם. ער האָט זיך אָבער אינגיכן אומגעקערט צום רעאַליזם און די לעצטע יאָרן נאָך האָט ער אַרויסגעגעבן אַ ראָמאַן (אינפּוזאַרישע ערד) און אַ גרויסע דערציילונג (דער וועג קיין דאַנבאַס), וו ער האָט גע־שילדערט דאָס נייע לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד

# לייב ניידוס

**אפשר וועט אמאל** קומען א דראמאטורג, וואס וועט פאר־אייביקן די טראגעדיע פון צוויי יונגע, צארטע לעבנס, וועלכע האבן זיך אויף א קורצער צייט באגעגנט אויף אונזער ערדישן פלאנעט, האבן זיך נישט געקאנט באהעפטן מיט אנאנדער און זענען יונגערהייט אוועק אין דער אייביקער וועלט, ווו זייערע נשמות האבן זיך געוויס פאראייניקט אויף אלע אייביקייטן. דער־דאזיקער קומענדער דראמאטורג וועט אליין דארפן פארמאגן דיכ־טערישן שווונג, כדי לירישע אויסצוהעפטן די טראגישע אוזארן אויף דער קאנווע פון קורצן לעבן פון לירישער לייב ניידוס. דער דיכטער האט קיין גאנצע דריי צענדליק יאר נישט אויסגעלעבט: ער האט אויסגעהויכט דעם לעצטן אטעם אויף זיין ניינאונצוואנ־ציקסטן לעבנס־יאר אין זיין געבורטס־שטאט גראדנע. זיינע לעצ־טע 6–7 יאר איז זיין גאנצע דיכטונג, צוזאמען מיט זיינע געפילן און געדאנקען, געווען געווענדט צו זיין געליבטער, ח. ג. (חיה גאזשאנסקא), וועלכער ער האט געווידמעט אלץ, וואס ער האט אנגעשריבן. זי איז געשטארבן מיט עטלעכע חדשים שפעטער אין דער שוויץ. ביידע האבן זיי פארענדיקט זייערע יונגע לעבנס אין איינזאמקייט, אפגעריסן איינער פון דעם אנדערן און פון פריינט און נאענטע. פון דער ערשטער באגעגעניש זייערער האבן זיך פעסט פארקניפט די ביידע יונגע נשמות און אזוי ביז צום קבר.

די, וואס זענען געשטאנען נאענט צו לייב ניידוסן, קאנען דאס נישט פארגעסן און עס רייסן זיך ארויס סענטימענטאלע נאטקעס, ווען מען נעמט די פען אין דער האנט צו דערמאנען דעם אזוי יונג־פארשטארבענעם ליבן דיכטער און חבר. דערמאנט מען זיך

דערבײַ, ווי יוגנטלעך פריש, ווי שטיפעריש, לעבנסלוסטיק און ברויזנד דער דיכטער איז געווען. און — ווי פּרוכטבאַר: אין משך פון וועלכע 10—12 יאָר האָט ער דאָך אָנגעשריבן אַזוי פיל פּאָעטישע ווערק!

געדאַכט האָט זיך, אַז נײַדוס איז געבוירן געוואָרן אונטער אַ גליקלעכן שטערן. זײַן אויסערלעכקייט האָט האַרמאָנירט מיט זײַן גײַסטיק וועזן. שיין געוואַקסן, אַ צאַרט ווײַס פּנים מיט גוטמוטיק בלויע אויגן, אַ ביסל פאַרחלומט, מיט אַ לײַכטן אָפּגלאַנץ פון איראָניע, טונקעלע לאָקן. געשריבן האָט ער גרינג, שפּילעוודיק, מיט אַ טיפן חוש פאַר מוזיק, לײַכטקייט פון פערז און טרעפלעכקייט פון גראַם, וואָס האָט זיך אים באַזונדערס אײַנגעגעבן. ס'האָט זיך אים שוין צו לײַכט געשריבן, און דאָס האָט אָפּט דערוועקט אַ געוויס געפיל פון פאַרזיכטיקייט מצד ליטעראַרישע אויטאָריטעטן. זײַנע לידער זענען דאָס רוב געווען נישט קיין אויסגעוויײַטיקטע, נישט קיין טיף דורכגעלעבטע, נאָר אַרויסגעזונגענע, ווי עס זינגט די נ אַ כ ט י ג אַ ל. באַזונדערס איז דאָס לעצטע חל אויף דעם ערשטן פּעריאָד פון זײַן דיכטערישן שאַפן.

די גרעסטע טייל פון זײַנע לידער זענען אַזוי ווי די זומערפײַגעלעך, וואָס שוועבן אַרום זאָרגלאָז, זיך נישט קימערנדיק איבער זייער קורצן לעבנסוועג. זיי זענען אָנגענעם פאַרן אויג, גלעטן דאָס געהער און באַשטעטיקן אונז דעם זומער. מיט זייער זאָרגלאָזער לײַכטזיניקייט מאַכן זיי אונז פאַרגעסן די שווערקייטן פונם לעבן, זינגען אונז כסדר פון זון, פון וואַרעמקייט, זיי ווירקן באַרויִקנד אויף אונזער געמיט, באַרוישן אונז מיט גלאַנץ און פאַרבייקייט (זײַנע מזרח-מאָטיוון), און טיילמאָל פאַרכאַפּן זיי אונז מיט זייער צאַרטער פאַרחלומטקייט. דער ראָמאַנטישער צויבער פאַרהילט אונז אין דער נעץ פון זײַנע שלייערן. ס'איז די פּאָעזיע פון אַ געצערטלטן בן-יחיד, וואָס האָט קיינמאָל נישט געוווסט פון קיין דאגות, פונם האַרבן קאַמף פאַרן קיום, האָט אויפגענומען דאָס לעבן מיט זײַנע גרויזן גרינג ווי אַ שפּילעכל, אַ לײַכטן טאַנץ,

לייכטזיניק און גוטמוטיק, מיט אַ שמייכל פון אַ קינד, וואָס האָט נישט דעם באַוווסטזיין פון לויערנדיקער סכּנה... ער איז געווען כּסדר אָנגעלאָדן מיט קלאַנגען און פאַרבן, וואָס האָבן בשפע געפלאָסן אין די אַלע פּערעמס, אין וועלכע ער האָט אָן באַזונדערע אָנשטרענגונגען געגאָסן די סאָנעטן, טריאָלעטן און אַנדערע. ער האָט נאָר באַדאַרפט עפּעס פאַרטראַכטן און באַשטימען די פאָרם, די בילדער, קאָלירן, גראַמען זענען שוין געקומען פון זיך אַליין.

זיינע לידער זענען לייכט און חנעוודיק, שוימענדיק און גראַציעז. דאַכט זיך, אַז אַזוי האָט באַדאַרפט שרייבן אַ פּרוי. ער וואָלט געווען איינער פון די מייסטערהאַפטסטע קינדער־דיכטער. אַ גרויסע טייל פון זיינע לידער פּאַסן זיך אַריין אין כרעסטאָמאַטיעס. מוסטערהאַפט זענען ניידוסעס איבערזעצונגען פון דער רוסישער און אייראָפּעאישער פּאָעזיע. ער האָט אפילו געשריבן לייכטע טאָג־גראַמען אין טעגלעכע צייטונגען.

פאַר זיין קורץ לעבן (28 יאָר) האָט ער אָנגעשריבן און איבערזעצט אַרום זעקס בענדער פּאָעזיע.

די פּאָעזיע איז געווען זיין וועלט, אין וועלכער ער האָ[illegible] זיך אויסגעלעבט, ער איז געווען פאַרליבט אין איר, האָט פּי[illegible] געלייענט און געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן זכּרון צו געדענקע[illegible] און אַ שאַרפן חוש צו דערקענען די השפּעה, אונטער וועלכער דער אָדער יענער פּאָעט געפינט זיך. פּאָעזיע און מוזיק זענע[illegible] פאַר אים געווען איינס און דאָס זעלבע. ער אַליין האָט זיך געהאַלטן מער פעיִק צו זיין אַ מוזיקער איידער אַ פּאָעט; און באמת איז דאָך זיין פּאָעזיע כּמעט אַן אַבסטראַקטע, אַזוי ווי מוזיק. די קלאַנגען שטייגן ווייט אַריבער די בילדער און מעטאַפאָרעס. נישט צופעליק האָט דאָס ערשטע געדרוקטע ליד זיינס געהייסן „די יונגע האַרפע“ און איינע פון זיינע ערשטע געדרוקטע ביכער הייסט „די פלייט פון פאַן“. און געהערן דאָך גראַמען אויך צו[illegible] טאָן פונם ליד, באַזונדערס זיינע ווילקלינגענדיקע גראַמען. דער גראַם און קלאַנג האָבן אים אָפט פאַרפירט, געמאַכט צופיל באַרעדעוודיק און מחמת דעם ווערט צופיל מאָל איבערגעחזרט איין

און דער זעלבער מאָטיוו, צופיל צעצויגן די פראַזע, צעפלייצט זיך די פאָרם און דאָס בילד ווערט מטושטש, אָבער אין ריין טאָנאַלער הינזיכט (מוזיקאַליש אַבסטראַקט) איז עס פליסיק און צעקלינגט זיך ווי טויזנטער זילבערנע גלעקלעך.

פונקט ווי זיין עלטערער חבר אין דער פּאָעזיע, ש. פרוג, איז ער געקומען פון דאָרף. זיינע עלטערן האָבן געהאַט אַ גוט לעבן גראָדנע. ניידוס האָט אָבער אין זיך נישט איינגעזאַפּט די ריחות פון דער ערד, פון פעלד און וואַלד, ער האָט נישט געפילט דעם אייביקן קאַמף אין דער נאַטור, פונקט ווי ער האָט נישט געפילט און נישט אויפגענומען דעם ביטערן קאַמף פונם לעבן. ער האָט זיך פאַרשיכורט מיט די פייגל-געזאַנגען, מיטן אויסערלעכן גלאַנץ פון בלומען און רויזן. פרוג האָט גענומען אויף זיך די מיסיע פון השכלה, פון נאַציאָנאַלער אויפלעבונג, ווי ווינטשעווסקי, רייזן און אַנדערע האָבן גענומען אויף זיך די מיסיע פון סאָציאַלער באַפרייאונג. ניידוס האָט אויף זיך נישט געטראָגן קיין שום עול. ער האָט נישט גענומען אויף זיך קיין שום מיסיעס. האָט ער אויסגעדריקט ווייטיק, איז דאָס געווען אַ ריין-פערזענלעכע. זיין בענקשאַפט איז געווען זיין אייגענע; ער האָט זיין גורל נישט פאַרבונדן מיט קיין רבים, נאָר האָט יחידיש און אָפּגעזונדערט געפירט זיין פּאָעטישע ליניע, ווי דאָס האָבן געטון די רוסישע און מערב-אייראָפּעאישע דעקאַדענטן, וועלכע ער האָט אַזוי מייסטערהאַפט איבערגעזעצט אויף יידיש. אַ גרויסע ראָלע האָט דערביי זיכער געשפּילט די צייט, ווייל ער האָט זיך אָנגעהויבן צו דרוקן אין יאָר 1907, ווען די רעאַקציע האָט געבושעוועט אינם צאַרישן רוסלאַנד און די אַלגעמיינע שטימונג איז געווען אַ געדריקטע, ס'איז געווען די צייט, ווען עס זענען אָפּגעפאַלן די צעשטראָמטע כוואַליעס פון די יאָרן 1905–6. אפילו די מלחמה-יאָרן האָבן אין דער הינזיכט נישט געהאַט אויף אים קיין ווירקונג, אויף וויפיל מען קאָן דאָס זען פונם „בוך פון פּאָעמען", ווו דער גרעסטער רוב ווערק זענען געשריבן אין די יאָרן 1915–18. אויך דאָ בלייבט ניידוס זיך געטריי, דער דיכטער האָט זיך איינגעשלאָסן אין זיינע

פאַנטאַסטישע לעגענדעס וועגן „ראָזע טורעמס", וועגן טרוימען, אַטלאַנטידע, לבנה, שטערן און אַ. וו. די גאַנצע זאַמלונג זעט אויס עפּעס ווי אַ זאַך, וואָס שטייט אויסער דער צייט. דער דיכטער לעבט אין זיין וועלטל און ס'קומט אויס, ווי צו אים דערגייען נישט די קרעכצן פון די גוססע אויף די שלאַכטפעלדער, דאָס געשריי פון די געפּייניקטע, די ווייטיק פון די הונגעריקע, דער גרויסער געראַנגל פון וועלטן. צו אים איז קיין זאַך נישט דערגאַנגען, אים האָט גאָרנישט נישט באַרירט. ער בלייבט דער זעלביקער צאַרטער, פאַרחלומטער און פאַרבענקטער דיכטער, וועלכער לעבט מיט זיינע וויזיעס, לעבט איבער זיינע פערזענלעכע יסורים און ווייזיקט ביחידות. אמת, ער איז שוין רייפער. מען פילט, אַז ער געפינט זיך שוין אונטער דער ווירקונג פון די קלאַסיקער. אַ טייל פּאָעמען גייען אין ריטם פון פּושקינס „יעווגעני אָניעגין". באַזונדערס רירנד זענען די פראַגמענטן פון זיין לירישן ראָמאַן (דאַכט זיך, אַז „יעווגעני אָניעגין" ווערט אויך באַצייכנט אַלס אַזעלכער) דאָס, וואָס וועט שוין נישט זיין", געווידמעט ח. ג. דידאָזיקע פּאָעמע איז איבערפולט מיט אַנטציקונג, סענטימענטאַלער פּאַטאָס און אַ פאַרליבטן צוזאַמען מיט שטילן ציטער און טיפער בענקשאַפט נאָך דעם, וואָס איז געווען און וועט שוין מער נישט זיין...

# אליעזר שטיינבערג

טרויעריק, קינדער, אויף דער וועלט דער ברייטער,
גראַמער,
ביטער! מיט אַ משל זיך כאַטש קוויקן לצמיר!

אַט דעם ציטאַט פון אליעזר שטיינבארגס בוך „מעשאָלים" האָבן זיינע חברים און פריינט געלאָזט אויסקריצן אויף זיין מצבה אויפן טשערנאָוויצער בית-עלמין. מיט טרויעריקער פייערלעכקייט דערהייבט זיך דידאָזיקע אייגנאַרטיקע מצבה, וואָס איז אַזוי נישט ענלעך אויף אַלע אַנדערע, פונקט ווי דער דיכטער איז נישט ענלעך געווען צו אַנדערע. מיט אַן אייגן וואָרט איז ער געקומען אין דער יידישער דיכטונג און האָט דאָס רוב גערעדט צו קינדער, פאַר זיי געדיכטעט זיינע זעלטענע משלים און זיי דערציילט זייַנע קלוגע און באַהאַרצטע מעשהלעך. אָבער דאָס קינדישע איז אַלמענטשלעך, איז קלאַסיש, דערהויבן.

צוויי דענקמעלער זענען אים געשטעלט געוואָרן — זיין בוך און די מצבה.

זיין בוך — אַ מאָנומענט, וואָס גייט איבער דער וועלט, אַן אייביקער וואַנדערער פון גייסט — דאָס ספר פון כוונות, אַנדייטונגען, חכמה און וויץ איבער מענטש, באַשעפעניש און נאַטור. אַלץ איז דאָך דער מענטש, פאַרן מענטש, צוליב דעם מענטש. און אַז שטומע באַשעפענישן אָדער שפראָצן און שטיינער באַקומען לשון, טוען זיך אָן אין פלייש און הויט און טובלען זיך אין בלוט; אַז שטאָל און אייזן, בוים און גראָז, זאַמד און וואַסער פאַרטראַכטן זיך, באַקומען געפיל, לאָגיק, ריטם, ווערן באַפליגלט מיט פּאָעטי־

שע עמפינדונגען און הייבן אָן צו זאָגן שירה — איז דאָך שירה
נישט תמיד בלויז לויב-געזאַנג און הימן, נאָר אויך לייטערונג פון
גייסט, שטראָף און מוסר אין לעבן, אויף אומיושר, אויף ברו-
טאַלקייט און פאַרווילדטקייט. אָט אַזוי שלאָגט אַרויס וואַסער פו
שטיין, אַ פרישער קוואַל אַפּצופרישן אונזער געמיט. מיט חכמה
נאַאיווקייט און פיינעם וויץ שפּראַדלען זיינע פאַבלען. אַ לייכטע
שמייכל, גוטמוטיקע איראָניע צוזאַמען מיט סאַרקאַזם. ס'איז די-
רעקטע ירושה פון מענדעלע מוכר-ספרים, אָבער מיט גוטמוטיק
צאַרטן, טיפן גלויבן און באַוווסטזיניקן דראַנג צום אייביקן אמ
אַ משל איז טענדענץ, וואָס ווערט בולט אינם מוסר-השכל. זיינע
טענדענצן שאָקירן אָבער נישט, הגם זיי פירן אַנטשידן אין אַ
באַשטימטער ריכטונג. זיינע כוונות זענען פאַרטיפטע, אויסגע-
שפּראָכענע מיט ברייטע סאָציאַלע אויסבליקן, זיי קריצן זיך איי
אין לייענערס געדאַנק נישט צו נעמען איבערפלעכלעך, נאָר טי-
פער זיך אַריינצוטראַכטן. די פאַנטאַסטיק פון דעם שטומען
שפּראַצנדיקן און לעבעדיקן אין דער נאַטור, וואָס איז אַזוי צו
גענגלעך פאַר קינדער, ווערט ביי אים אויף אַ ווונדערלעכן אופ
אַנטוויקלט צו דער מדרגה, וואָס איבעראַשט אויך דעם דער
וואַקסענעם און אפילו דעם איבערגעוואַקסענעם. מענטשן, ווי קינ
דער, האָבן ליב צו הערן מעשהלעך. דערציילט עס זיי אליעז
שטיינבאַרג מיט מייסטערהאַפטער קאָנסטרואירונג, ער פאַרוויקל
דעם פאָדעם און וויקלט אים צוריק פונאַנדער און ס'וואַקסן אויי
בילדער פון באַציאונגען, קעגנזאַצן, קאָנפליקטן און קאַמפן. ד
נאָדל און די ביקס, די זעג און דער חלף, גאָפּל-מעסער און טע
לער — ציוויליזאַציע און קולטור — באַקומען ביי אים לעבן או
שפּראַך, אין ריטם און גראַמען שפּיגלען זיי אָפּ אין זיך די מענטש
לעכע שוואַכקייטן און לעכערלעכקייטן.

אַזוי באַקומט לשון די רויע נאַטור — דער שטיין או
בוים, דאָס גראָז און וואַסער. און אַזוי אויך די בהמה און חיה
דער פויגל, שרצים און רמשים.

אַלץ ווערט פאַרמענטשלעכט, ווייל דער מענטש איז פאַרי חיהט. און קלאַנג און ריטם אין דער נאַטור — אין דער לעבעדיקער און פאַרשטיינערטער — גיסן זיך צוזאַמען אין אַ מענטשיקן אויסגעשריי, טוען אַ רוף, אַ מאַנונג און וואָרענונג. דאָס איז אָפט דאָס געשריי פון שטילן שווייגן, וואָס טראָגט זיך איבער דער וועלט אָן קולות, אָן גרילצן, עס טראָגט זיך דורך דורות און שטערט טיילמאָל אונזער שלאָף אין די נעכט, טראָגט אַריין אומרו אין די געמיטער און וועקט אונזער פאַרשלאָפן געוויסן.

דער דיכטער איז געקומען אויף דער וועלט מיט אַ מיסיע: צו זיין די טרייסט פאַר די קינדער, פאַר אָרימע, פאַרוואָרלאָזטע, פאַרשטויסענע. ער אַליין איז געווען אַ קינד, אפילו אין זיין אויסערלעך אויסזען איז ער נישט ווייט אַוועק פון קינדער: קליין געוואַקסן, מיט אַ הויכן, ברייטן שטערן און טיפע פאַרחלומטע אויגן, וואָס האָבן קינדיש און אומבאַהאָלפן געקוקט אויף דער וועלט.

ער האָט מיט קינדער געלערנט, געווען זייער פריינט. און זיין לערנען איז געוואָרן אַ שפּיל — פאַר קינדער און מיט קינדער. אויך זיינע משלים זענען שפּיל. די אַרענע איז די גאַנצע וועלט און די שפּילער און שוישפּילער איז די נאַטור מיט אירע אַלע באַשעפענישן און גאַנצן רעקוויזיט.

מענטשן קאָנען זיין קינדער, אָבער נישט תמיד. קינדער זענען אָבער שטענדיק קינדער.

מיט זיין אוממיטלבאַרקייט און ליבע האָט ער זיך דערוואָרבן דאָס קינדישע האַרץ, ווייל ער אַליין איז געווען און געבליבן אַ קינד. נאָך אַלע וואַנדערונגען און וואָגלענישן איז ער געווען ווייט און פרעמד פון פּראַקטישן לעבן, פון דער וואָכעדיקערווירקלעכקייט. ער האָט איבער אַלעם דעם אַריבערגעקוקט און באַהאַפטן זיין בליק און געמיט מיט דער נאַטור, זיך געחברט מיט אירע עלעמענטן און דערשייגונגען און זיך צוגע-

הערט צו איר שטים, גרויסגעהערט פון איר די שטים פון זיין אייגן בלוט.

ער האָט געמאַכט טראַנספוזיעס, אַריבערגיסנדיק דאָס בלוט פון זיין האַרץ אין האַלץ, שטיין און אייזן, זיי באַלעבט און באַרעדעוודיק געמאַכט. און ער האָט צוגענייגט זיין אויער צו אַלץ, וואָס אַרום אים, און פון אומעטום האָט צו אים גערעדט די שטים פון זיין אייגן בלוט און פון די נאָענטסטע צו זיין האַרץ, די שטים פון פאַרוואָגלטע און פאַרטריבענע, פאַר וועלכע ער האָט אָפּגעגעבן זיין לעבן. און די עלנטסטע פון אַלע עלנטע זענען די אָרימע קינדער, וועלכע האָבן זיך צו אים געטוליעט ביים לעבן און אויך נאָכן טויט.

זיין קבר געפינט זיך אין דער אָרימסטער קינדער-טייל פונם טשערנאָוויצער בית-עלמין, צווישן די אָפּגעבראָכענע צווייגעלעך, צעטרעטענע בלומען, וואָס זענען אָפּגעריסן געוואָרן נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן זיך פונאַנדערצובליען — דאָרטן האָט ער זיין אייביקע רו געפונען. אויף אַ ליידיק שטיק פעלד, ווו די פלאַכקייט איז באַדעקט מיט קוים-אָנזעעוודיקע בערגלעך פון קינדער-קברים — דאָרטן הייבט זיך אַרויס זיין מצבה, וואָס קוקט אַריבער מיט פאָטערלעכער זאָרג אויף די אַלע אָרימע, פאַר- אָרימטע און פאַרוואָרלאָזטע קברימלעך פון די פאַר דער צייט פאַרשניטענע, נישט געלעבטע לעבנס. די מצבה גופא איז ווי אַ עשהלע, אַ פאַנטאַזיע אויפן הוילן, אויסגעליידיקטן פעלד, וואָס יגט צעשפרייט קעגנאיבער די לאַנגע,ביימערדיקע אַלעען, גע- יכטע און אָנגעפולטע מיט גרויסע מאַרמאָרענע מצבות, באַקרענצ- ע מיט גאָלדענע אותיות, רייכע באַצירונגען און אָרנאַמענטן. דאָ בער איז דאָס פעלד נאַקעט, אָן בלומען, אָן מצבות, אָן ברעט- עך אפילו, נאָר בלויז קליינע בערגעלעך, פון וועלכער עס הייבט יך אַרויס איין מצבה — אַן אָנדענק פאַרן דיכטער און פאַר דער רויכער מחנה אָרימע, פאַרשניטענע קינדער, וואָס רינגלען אים רום אין זיין אייביקער רו, ווי זיי האָבן אים אַמאָל אַרומגערינגלט אין זיין שטענדיקן אומרו.

---

און ווי אַ טרייסט קלינגט זיך פונאַנדער דער אומעטיקער
מײבל פונם דיכטער אויף דער שפּראַך פון די אָרימע אויסגעווייי-
...טע און אויסגעלייטערטע, וואָס ליגן אַרום אים און פאַר זייערע
...ידער אין דער גאָרער וועלט —

„טרויעריק, קינדער, אויף דער וועלט דער ברייטער,
גראַמער,
...יטער! מיט אַ משל זיך באַטש קוויקן לאָמיר !"

# ב. שאַפיר

די שײנע זון-באַגאָסענע שטאָט אױפן ברעג פון שװאַרצן ים, מיטן הױכן ברענענדיקן דרום-הימל. די גלײכע שנור-אױסגע-צױגענע גאַסן, מיט די ברײטע טראָטואַרן פון די בײדע זײטן, באַ-פלאַנצט מיט געדיכטע אַקאַציע-בײמער.

אָדעס. — די פעסטונג פון חבת-ציון מיטן פאַלעסטינע-קאָ-מיטעט, מיטן לאָזונג „עברית או רוסית". מיט די גאַנץ-און האַלב-פאַראַסימילירטע ײדישע אינטעליגענץ. הגם — עס שװעבן נאָך אַרום די שאָטנס פון אַ מ. ל. ליליענבלום, א. לעװינסקי און אַנדערע.

פון דער אַנדערער זײט — אַ ברײטע, פינסטערע, אומװיסנ-דיקע צװײהונדערט-טױזנטקעפּיקע ײדישע מאַסע, װאָס לעבט אין הפקרות, שמאַכט אין אָרימקײט און שמוץ אין די פאַרװאָרלאָזטע גאַסן פון דער מאָלדאַװאַנקע. אין שטוב רעדט מען אַ צעקריפּלטן, רוסיפיצירטן ײדיש, אױף דער גאַס — אַ נאָך מער צעבראָכענעם פאַרזשאַרגאָנירטן רוסיש. אַ ספּעציעלן „אָדעסער". מען קװיקט זיך מיט רוסישע בולװאַר-בלעטלעך.

און ערגעץ אין דער זײט פון דעם אַלעמען לעבט און חלומט אַ גרופּע ײדישע שרײבער: מענדעלע, פרוג, ביאַליק און אַנדע-רע... און דאָ הײבט אָן צו שפּראָצן דער טאַלענט פון בערל שאַפיר.

---

ב. שאַפיר — פון מיטעלן װוּקס, אַ פעסט-געבױטער, װי פון בראָנז אױסגעגאָסן. אַ געדיכטע קוטשמע טונקל-בלאָנדע האָר, פונאַנדערגעטײלט אין צװײען אױף דער לינקער זײט קאָפּ מיט אַ גלײכן שרונט. די אײבערשטע ליפּ באַשטרײפט מיט בלאָנדע

וואַנטעס. זיין בלוי אויג (געהאַט האָט ער נאָר איינס) קוקט שאַרף, אַ ביסל מיט אומצוטרוי, אַ ביסל ווויל־יונגעריש. אויפן שטערן — עטלעכע טיפע קנייטשן.

געקומען אַלס יינגל פון סטאַראָקאָנסטאַנטינאָוו (וואָלין) קיין אָדעס. געווען אַ באַלמעלאָכע, געאַרבעט אין דער טאַבאַק־בראַנזשע. נישט באַקומען קיין שום בילדונג. זיך קוים אויסגעלערנט אַ ביסל רוסיש.

דערפאַר אָבער לעבנסלוסטיק, פריילעך, האָט ליב זיך צו וויצלען, ווערט נתפעל פאַר אַ געלונגען ווערטל, האָט געוואַלטיק ליב די נאַטור און מיידלעך. קלאַפּט אין אים אַ פּאַטעטישער אָדער, און פון צייט־צו־צייט שרייבט ער אָן אַ וווילקלינגענדיק לידל פון גאָרטן, וואַלד, ים, מיידל, אָן בענקעניש, אָן קרעכצעניש, נאָר תמיד — מאַזשאָר — לוסטיק און פריילעך. לייענט ער זיינע לידלעך שאַרף און קלינגענדיק.

אין די יונגע יאָרן, אַמאָל, האָט ער געהאַט אַ חבר, הערשל — אַ באַלמעלאָכע, איז ער געווען דער טייערסטער ליבסטער חבר, אָט אַזוי ווי מען קאָן עס זיין אין דער פריער יוגנט. איז הערשל אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. זיך דערוווּסט, אַז בערל (שאַפּיר) איז געוואָרן אַ שרייבער, הערט אויף הערשל צו שרייבן בריוו. עס העלפט קיין זאַך נישט. גייט אויס בערלס האַרץ אין בענקשאַפט נאָך דעם ליבן חבר, וואָס וויל נישט שרייבן קיין בריוו. שרייבט ער אָן זיין באַקאַנט ליד „הערשל“, ווו הערשל ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ פאָלקס־העלד. ער ווערט אויס אינטימער, פערזענלעכער חבר פון איינעם און ווערט אַ כלל־חבר, אַ טרייסט פאַר אַ סך פאַרוואָגלטע עלנטע נשמות. „הערשל“ ווערט דעקלאַמירט אויף אָוונטן, אין קרייזלעך...

זיצט מען אַמאָל צווישן שרייבער און מען פירט אַ לייכטן שמועס אַרום דעם: וואָס, למשל, וואָלט באַדאַרפט זיין דער אָדער יענער, לויט זיין כאַראַקטער און טעמפּעראַמענט, ווען ער זאָל נישט זיין קיין ליטעראַט אָדער כלל־טוער. האָט איינער אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז שאַפּיר האָט באַדאַרפט זיין אַ מייסטער

פון קינדערישע שפּיל־זאַכן, זיי אַרומטראָגן און דעמאָנסטרירן פאַר די קינדער: ווי אַזוי קרייעט אַ הענדעלע, פּיפּסט אַ פּייפּעלע, פּייקלט אַ פּייקעלע... האָבן אַלע איינשטימיק איינגעפונען, אַז דאָס איז דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע פאַר שאַפּירן.

שאַפּיר האָט איינגעזאַפּט אין זיך די פרײדן און לײדן פונם שטעטל, דאָס אוממיטלבאַרסטע פאָלקס־לעבן און האָט עס איבער־געגעבן אין זיינע אויסגעצייכנטע דערציילונגען, וואָס ער האָט זיי געשריבן אַזוי ווי ער וואָלט זיי אייך דערציילט מינדלעך, אָן חכמות און אָן הינטער־געדאַנקען, נאָר אַ ביסעלע באַצירט און צוגעפּוצט: עס איז דאָך עפּעס ליטעראַטור!... און פאַר ליטעראַ־טור און ליטעראַטן האָט ער גרויס דרך־ארץ געהאַט.

דעריבער איז ביי אים דאָס שרייבן געווען אַ הייליקע גרוי־סע עבודה. געשריבן האָט ער ווייניק און שווער איז אים דאָס אָנגעקומען. און האָט ער אַרויסגעלאָזט עפּעס פון זיין האַנט, איז דאָס געווען אַ זאַך, וואָס ער האָט זיך דערמיט געצאַצקעט און זיך געפרייט ווי אַ קינד. זיין ערשטע געדרוקטע זאַך איז געווען פון קינדער־לעבן — „דער ערשטער אַרויספאָר" („דאָס לעבן", פּעטערבורג, 1906). דערנאָך — דערציילונגען און לידער אין „פריינט". אין אַ פּאָר יאָר אַרום — אַ גרעסערע דערציילונג „אברהמל דער שוסטער" — אַן אוממיטלבאַר בילד פון דער יידי־שער אָרימקייט — אַ פריילעכער קבצן און ווערטלזאָגער. די דער־ציילונג ברענגט פּאָפּולאַריטעט דעם מחבר. באַזונדערס נעמט זי אויס ביי די לעזער אין פּראָווינץ, וועלכע קאָנען זיך קוים דער־וואַרטן די המשכים.

זיינע ווייטערדיקע גרעסערע דערציילונגען האָבן שוין אַן אַנדער מזל: אין אָדעס זיצן, און זיך דרוקן אין פּעטערבורג אָדער וואַרשע, איז אַ שווערלעכע פּראָצעדור. דאָס אָוועקשיקן, וואַרטן אויף אַן ענטפער און דער עיקר — אויפן האָנאָראַר, אין וועלכן מען נייטיקט זיך אַזוי שטאַרק. און דאָ,גייט אַרויס דער „השלח"; ביאַליק איז דער בעלעטריסטיק־רעדאַקטאָר און ער זוכט ממש מיט ליכט אַ גוטע דערציילונג. איבערזעצט ער שאַפּירס דערציילונגען

און דרוקט זיי. אַזוי דרוקט זיך די גרויסע דערציילונג „לייזער מיט זיין הונט“ אויף העברעאיש מיט אַ לאַנגער צייט פריער, בעת אויף יידיש דרוקט זי זיך ערשט אין יאָר 1914 („יידישע וועלט“, ווילנע) און פון „דעם שטומען“, וואָס איז געגאַנגען אַ לענגערע צייט אין העברעאישן „העולם“ (1912), האָבן אין יידיש זיך געדרוקט בלויז אייניקע קאַפּיטלעך...

די ליטעראַרישע אַרבעט גייט אָבער נישט געגוג אויף צו לעבן, און אין 1908, בעת פרץ הירשביין שטעלט צוזאַמען זיין טרופּע, ווערט שאַפּיר אַ סופליאָר און וואַנדערט אַרום איבער יידישע שטעט און שטעטלעך. „אבו־המל דער שוסטער“ ווערט איבערגעאַרבעט אין אַ דראַמע און גייט מיט דערפאָלג.

נאָכדעם גרינדעט שאַפּיר אַן אייגענעם פאַרלאַג „די בין“. ער גיט אַרויס ביאַליקס „מאַרינקע“, שניאורס אַ ביכל „פּאָעזיע און פּראָזע“, „אברהמל דער שוסטער“. דער פאַרלאַג מוז אָבער אָפּשטעלן זיין טעטיקייט: נישטאָ מיט וואָס אים ווייטער צו פירן.

אין 1910 הייבט אָן אַרויסצוגיין אין אָדעס די טעגלעכע צייטונג „גוט מאָרגן“ און שפּעטער גלייכצייטיק — „שלום עליכם“, וואָס ענדערט נאָכדעם דעם נאָמען (לויט שלום עליכמס פּראָטעסט) אויף „דער ייד“.ביידע צייטונגען — בלאַסע, בלוט־אָרימע, אָן זאַפט און אָן לעבן. דאָך שאַפט זיך אַ מעגלעכקייט עפּעס צו דרוקן. אין אָדעס איז אַן אָרימקייט אין יידישע זשורנאַליסטישע כּוחות. שאַפּיר ווערט אַ באַשטענדיקער מיטאַרבעטער אין די צייטונגען און ברענגט אַריין מיט זיך אַ פרישן שטראָם, באַרייכערט זיי מיט זיינע פעליעטאָנדלעך און בילדלעך פונם פּילפאַרביקן אָדעסער לעבן. שפּעטער (1913) גייט אַריבער דער וואַרשעווער „אונזער לעבן“ קיין אָדעס, וואָס איז געגאַנגען מיט הפסקות ביזן יאָר 1918. אויך דאָ איז שאַפּיר אַ שטענדיקער רעדאַקציע־מיטאַרבעטער, הגם ער איז בכלל ווייניק צוגעפּאַסט צו צייטונגס־אַרבעט און עס קומען אָפט פאָר קוריאָזן: שאַפּיר קאָן זיך פאַרגינען צו פרעגן: „סאָפיע איז נישט די הויפּט־שטאָט פון בעלגראַד?“ אָדער „וואָסטאָק (מזרח) איז דאָך צפון?...“ די צייטונגס־

אַרבעט קומט אים אָן שווער. ער זיצט שעהן, ביז ער שרייבט אָן עפּעס אַ פעליעטאָנדל אָדער אַ בילדל. דערפאַר אָבער זענען זיי־ נע בילדלעך פול מיט לעבן. עס פילט זיך אַ באָאָבאַכטנדיק אויג און אַ פיינפילנדיק אויער, וואָס זעט און הערט די דינע, ציטערני־ דיקע קלאַנגען פונם לעבן, הגם ער נעמט זיי אויף טיילמאָל גאַנץ פרימיטיוו און אייגנאַרטיק. אין משך פון זיין צייטונגס־אַרבעט צייכנט ער זיך אויס מיט אַ ריי בילדלעך אונטערן נאָמען „אָדע־ סער קעלער־שטיבער‟, אָפט אמתע קליינע קונסטווערק, וואָס האָבן אין בולטע שטריכן איבערגעגעבן און געשילדערט דעם טיפן תהום פון עלנט און דלות, אין וועלכע ס׳האָבן געזונקען די יידישע מאַסן אין אָדעס. נישט וויכטיק, צי זיי זענען אַלע גענומען פונם לעבן, אָדער זענען אין אַ גרויסער טייל די פרוכט פון שאַפירס פאַנטאַ־ זיע, אָבער ער האָט זיי ווי אין פינטל צוגעטראָפן. פיל מאָל איז מען אין רעדאַקציע געקומען אָנווייזן, מען זאָל שרייבן פון דעם אָדער יענעם אָרט...

דעם דלות האָט שאַפיר געקאָנט גוט. נישט אומזיסט האָט ער מיט אים צוזאַמען אָפּגעלעבט אַ גאַנץ לעבן... ער האָט אים שטאַרק, זייער שטאַרק געפילט, ווען אין אָנהייב 1913 שטאַרבט ביי אים זיין יונגע פיראַזוצוואַנציקיעריקע פרוי (אים איז דעמאָלט געווען 37 יאָר) אסתר און לאָזט איבער אַ מיידעלע פון צוויי יאָר און אַן אָקאַרשט־געבוירן ייִנגעלע. זיין פרוי, אַ שטילער, באַשיי־ דענער מענטש, האָט מיט אים צוזאַמען געהאַט געליטן און אַ סברה, אַז געשטאָרבן איז זי פון אַ פאַרקילונג, מחמת זי איז בעתן שוואַנגערן אַ גאַנצן ווינטער געגאַנגען אין אַ זומער־מאַנטל...

---

זומער 1914, בעת איינע פון די הפסקות פונם „אונזער לעבן‟, לאָזט זיך שאַפיר אַוועק קיין ווילנע און וואַרשע. ער פאַרקויפט אין קלעצקינס פאַרלאַג אַ באַנד דערציילונגען, וואָס האָט געזאָלט צוגעגרייט ווערן צום דרוק. אין דער „אידישער וועלט‟ דרוקט זיך זיין אָריגינעלע דערציילונג „לייזער מיט זיין הונט‟,

וואָס האָט זיך פריער געדרוקט אין העבּרעאישן „השלח". אין וואַרשע פאַרבּינדט ער באַציִונגען מיט די דאָרטיקע פאַרלאַגן און ווערט דער אָדעסער קאָרעספּאָנדענט פון „מאָמענט" אונטערן פסעוודאָנים נתן. די מלחמה, וואָס האָט אויסגעבּראָכן סוף זומער, איז גורם, אַז נישט זיין באַנד דערציילונגען ווערן געדרוקט, נישט פון זיין אַרבּעט אין „מאָמענט" לאָזט זיך עפּעס אויס.

נאָר מיט דער מלחמה האָט זיך בּכלל אָנגעהויבּן אַ נייע תּקופה אין שאַפירס לעבּן, אָבּער ערשט מיט איבּער אַ יאָר שפּע־טער, ווען עס גייט אַרויס דער באַוווסטער באַפעל (אָנהייבּ יולי 1915), אַז עס ווערט פאַרמאַכט די גאַנצע יידישע פּרעסע אין רוסלאַנד. צוזאַמען מיט די אַנדערע ליטעראַטן און זשורנאַליסטן, וואָס האָבּן געאַרבּעט אין „אונזער לעבּן", בּלייבּט אויך שאַפּיר אָן חיונה. די צייט איז אַ שטורעמדיקע. דאָס לעבּן, וואָס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מיטן אָנהייבּ פון דער מלחמה, ווערט אַלץ אָפּגעשטאָרבּן, ווערט נאָך מער רוישנדיקער. מענטשן מאַכן גע־שעפטן, מען ווערט רייך איבּער נאַכט. צווישן די אַרויפגעדראַ־פּעטע זענען פאַרהאַן שאַפּירס נאָענטע באַקאַנטע. אַלץ אַרום לעבּט און שטורעמט, און שאַפּיר גייט אַרום און הונגערט. לסוף איז ער נישט בּייגעשטאַנען דעם נסיון און מיט דער הילף פון גוטע באַקאַנטע זיך גענומען אַריינדרייען אין מסחר־ענינים. ער אַרבּעט זיך אַרויף און הייבּט אָן בּיסלעכווייז צו פאַרגעסן דעם דלות. ער האָט צום צווייטן מאָל חתונה מיט אַ קרובה.

עטלעכע יאָר האָט שאַפּיר אָפּגעלעבּט בּמנוחה, האָט זיך אַ בּיסל דערווייטערט פון דעם ליטעראַרישן וועלטל, אָבּער תּמיד זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק אַרויסצוגעבּן זיינע ווערק. שפּע־טער, נאָך דער רעוואָלוציע, ווען עס הייבּן זיך אָן די אָפּטע אי־בּערקערענישן, אָדעס גייט אַריבּער פון האַנט צו האַנט, מען איז אָפּט נישט זיכער מיטן מאָרגנדיקן טאָג, הייבּט שאַפּיר ווידער אָן צו ליידן צוזאַמען מיט די אַנדערע יידישע שרייבּער אין אָדעס. ער הייבּט זיך אָן פון צייט־צו־צייט באַווייזן אין אַ זאַמלונג, טרעט אַרויס אויף אַן אָוונט. שווערע צייטן לעבּט מען דורך. נאָר אַט

איז געקומען דאָס יאָר 1920. עס הייבט זיך אָן דאַכטן, אַז אַלץ איז שוין אין אָרדענונג און עס האָט זיך שוין געשאַפן די מעגלעכקייט צו לעבן רויִקער. קומט אָבער אָן תּיכּף דאָס יאָר 1921 מיט זיין מוראדיקן הונגער. עס ווערן פאַרשניטן מיליאָנען מענטשן־לעבנס. שאַפּיר ווערט קראַנק. די נויט און עלנט איז גרויס. די צייט איז אַ שווערע, אומברחמנותדיקע. קיין הילף איז נישטאָ. און זומער 1922 איז בּ. שאַפּיר אויסגעגאַנגען אויף זיין 47־סטן לעבנס־יאָר...

# מרדכי ספעקטאָר

מרדכי ספעקטאָר. ווער פון די היינטיקע יידישע שרייבער דערמאָנט אָט דעם נאָמען ? ווער פון דער יידישער אינטעליגענץ לייענט אים ? און ס'איז דאָך געווען אַ צייט, ווען מ. ספעקטאָר איז געווען פון די הויפּט-פיגורן אין דער יידישער ליטעראַטור ! נישט נאָר איז ער געווען אַ פרוכפּערדיקער ראָמאַניסט און נאָוועליסט, נאָר אויך אַ פעיִקער זשורנאַליסט, אַן ענערגישער ליטעראַטור-טוער, אַ רעדאַקטאָר און פאַרלעגער. זיינע פינף גראָבע זאַמלביכער „הויזפריינט" זענען געווען די ערשטע גרויסע זאַמלונגען, ווו ס'האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס יידישע ליטעראַרישע שאַפן בעתן אויפבלי פון דער נייער יידישער ליטעראַטור. ס'האָבן זיך ביי אים געדרוקט אליעזר צוויפל, יל"ג, מיכל גאָרדאָן, פרוג, מענדעלע, פרץ, שלום-עליכם ביז אברהם רייזען, וועלכער האָט דאָרט אָפּגעדרוקט זיין ערשט ליד. ער האָט געפירט אַ קאַמף קעגן דעם שמ"ריזם און איז אפילו געווען אין אַ קאָנפליקט מיט שלום-עליכמן, בעת יענער האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן זיינע נאָך גרעבערע זאַמלביכער, די באַרימטע „יידישע פאָלקס-ביבליאָטעק". דאָס האָט אים אָבער נישט געשטערט שפּעטער צו ווערן איינער פון שלום-עליכמס גרעסטע פריינט און פאַרערער. ספעקטאָר פלעגט אים צוציען צו יעדער צייטונג, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אָדער רעדאַגירט.

ספעקטאָר איז געווען אַ הויפּט-מיטאַרבעטער אינם ערשטן יידישן מאָדערנעם וואָכנבלאַט „דער יוד", ווו ער האָט, א חוץ דערציילונגען, יעדע וואָך אין משך פון יאָרן געדרוקט זיינע וויציקע פראָווינץ-פעליעטאָנען — אונטערן פסעוודאָנים אמת — „שטעט און שטעטלעך", ביז ער איז געוואָרן דער רעדאַקטאָר (צוזאַמען

מיט דר. ח. ד. הורוויץ) פונם וואָכנבלאַט „יידישע פאָלקסצייטונג". שפּעטער האָט ער אָט די רובריק געפירט אויך אין די טאָג-צײַטונגען, ווו ער האָט מיטגעאַרבעט.

מ. ספּעקטאָר האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער ליטעראַטור און באַזונדערס פאַר דער יידישער פּרעסע, וואָס ער איז געווען איינער פון אירע ערשטע פּיאָנערן.

ספּעקטאָר איז געווען אַ פאָלקס-מענטש מיט אַ שאַרפן חוש פאַר דאָס שיינע; אַ מענטש מיט קינסטלערישע טאַלאַנטן, אַ וואַרעמער דערציילער און געשמאַקער שילדערער. איבער זיין שרייבן איז געווען אויסגעגאָסן אַ יום-טובדיקייט. נישט אומזיסט האָט איינע פון זיינע ערשטע זאַמלונגען דערציילונגען זיך גערופן „יום-טוב-דערציילונגען". אַ באַזונדערע באַטעמטקייט און פאָלקסטימלעכע חנעוודיקייט האָט זיך געפילט אין זיינע דערציילונגען. אין זיין גאַנץ וועזן איז געווען אויסגעגאָסן עפּעס יום-טובדיקס, אויפגעלייגטס, נחתדיקס, ווי אויף זיין פּנים און זיין גאַנצער דערשיינונג. אַ גוטמוטיקער מענטש מיט אַ סך ליבן, אַ ווילן צום לעבן, אַ ליבע צו דער נאַטור, צו מענטשן, צו אַלץ און צו אַלעמען. עס עס איז אין אים געלעגן די געמיטלעכקייט און פריינטלעכקייט פון אַ גוטן פעטער; אויב מען וויל — אפילו פון אַ גוטער מומען, וואָס אינטערעסירט זיך מיט אַלץ, וואָס עס טוט זיך אַרום, אין אַלעמענס טעפּלעך. ס'איז באַוווּסט, און אין די ליטעראַרישע קרייזן פון יענער צייט זענען אַרומגעגאַנגען מאַסן אַנעקדאָטן וועגן ספּעקטאָרס גרויסן אַפּעטיט, זיין קולט און באַהאַוונטקייט אין „הלכות אכילה", זיין קענטשאַפט צוזאַמענצושטעלן אַ מעניו.

ס'איז געווען אין מלחמה-צייט. אין פּאָסטאָוו, לעבן קיעוו, איז פאָרגעקומען אַ „יידישער פּראָצעס", דוכט זיך, אַן אָפּקלאַנג פון עפּעס אַן עלילת-דם, נאָכן בייליס-פּראָצעס איז דאָס געווען אַ מיניאַטור-פּראָצעס. ספּעקטאָר איז געפאָרן אַלס קאָרעספּאָנדענט פון אָדעסער „אונזער לעבן". דידאָזיקע צייטונג איז געגרינדעט געוואָרן אין וואַרשע דורך ש. האָכבערג. ספּעקטאָר איז געווען צווישן די גרינדער און הויפּט-מיטאַרבעטער. שפּעטער איז ער אַרויסגע-

שטויסן געוואָרן צוזאַמען מיט די אַנדערע הויפּט-מיטאַרבעטער, האָט געגרינדעט אַן אייגענע צייטונג די „נייע וועלט", וואָס האָט זיך שפּעטער צוזאַמענגעגאָסן מיטן „מאָמענט", וועלכן צבי פּריי-לוצקי האָט געגרינדעט. ש. האָכבערג האָט אין וואַרשע נישט גע-קאָנט ביישטיין די קאָנקורענץ פון „היינט" מיטן „מאָמענט" און האָט אין יאָר 1913 אַריבערגעפירט דעם „אונזער לעבן" קיין אָדעס. דער „אונזער לעבן" האָט דורכגעמאַכט פאַרשידענע גלגולים. אין אַ משך פון פינף יאָר, ביז נאָך דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע, איז ער אַרויסגעגאַנגען מיט עטלעכע הפסקות. אין דער מלחמה-צייט איז ער אַ לענגערע צייט געווען דאָס איינציקע יידישע טאָגבלאַט אין צאַרישן רוסלאַנד. ס'האָבן אין אים מיטגעאַרבעט פרישמאַן, ספּעקטאָר, סעגאַלאָוויטש, קאַגאַנאָווסקי, טונקעלער, שטיינמאַן, שאַ-פיר, גרינבלאַט, חיים גרינבערג, עפּלבוים און אַלע אַנדערע יידי-שע שרייבער, וואָס האָבן זיך צו יענער צייט געפונען אין אָדעס. און אָט איז ספּעקטאָר געפאָרן קיין פּאַסטאָוו, פונוואַנען ער האָט געשריבן וועגן דעם פּראָצעס. איז אינטערעסאַנט, אַז אין איינעם פון זיינע ערשטע בריוו-פעליעטאָנען האָט ער דערציילט ווי אַזוי מ'האָט אינם פּאַסטאָווער יידישן האָטעל אַלעמען געקאָרמעט מיט קאָטלעטן. אינם זעלביקן האָטעל האָבן געוווינט נישט נאָר די זשורנאַליסטן, נאָר אויך די ריכטער און אפילו דער פּראָקוראָר. און אַלעמען האָט מען יעדן טאָג געגעבן צום עסן קאָטלעטן. אויך שפּעטער, ווען ספּעקטאָר איז שוין געווען צוריקגעקומען פונם פּראָ-צעס, האָט ער פיל מאָל דערציילט וועגן אָט די דאָזיקע קאָטלעטן, אָדער, ווי ס'איז ביי אים אַרויסגעקומען, „קאָקלעטן"...

אויב ס'איז געווען אַן „עולם-הזהניק" צווישן דעם עלטערן דור יידישע שרייבער, איז דאָס געווען ספּעקטאָר. פון זיין ברייט, שמייכלדיק פּנים מיט די שוואַרצע, גוטמוטיקע און גלאַנציקע אויגן, זיין גאַנצע מאַסיווע פיגור, דער אָנגעגאָסענער רויטער קאַרק — האָט געווייעט מיט לעבנס-לוסט און פרייד, מיט נאַטירלעכקייט, גע-זונטקייט; מיט ליבשאַפט צום מענטש. ער האָט פאַרמאָגט אַ גע-זונטן הומאָר, פּראַקטישע לעבנס-פאַרנונפט און געהאַט אַן אינטערעס

פאַר אַלץ און אַלעמען. מיט גרויס דרך-ארץ און ליבע האָט ער זיך באַצויגן צו מענדעלען, ביאַליקן און פרישמאַנען, וועלכע האָבן אים ליב געהאַט, פונקט ווי אַלע אַנדערע, מיט וועמען ער האָט זיך געחברט. דער „זיידע" האָט זייער שטאַרק געהאַלטן פון ספּעקטאָרס קליינע דערציילונגען, באַזונדערס האָט ער געליובט זיינס אַ דער-ציילונג א. נ. „אַ שטרייק פון קבצנים". ספּעקטאָר באַשרייבט דאָרט, ווי אַזוי אַ שטעטלשער נגיד האָט אויף זיין מוזינקעס חתונה פאַר-בעטן אַלע אָרימעלייט פון שטעטל און יענע האָבן „פאַרשטרייקט", אַרויסשטעלנדיק „פאָדערונגען", אַז מען זאָל געבן גרעסערע פאַר-ציעס פיש און פלייש און דערצו יעדערן אַ רובל. דער פאַרדרוס פונם נגיד, וואָס מען צעשטערט אים זיין שמחה, דאָס עקשנות פון די קבצנים און נאָכדעם זייער טריאומף. ס'איז באמת אַ מייסטער-ווערקל פון אַ פיינעם פען-קינסטלער. אויך דוד פרישמאַן האָט גע-האַלטן פון ספּעקטאָרן.

בעת ספּעקטאָר האָט אַרויסגעלאָזט זיין ערשט בוך, האָט פריש-מאַן אָנגעשריבן אַ וואַרעמע רעצענזיע און געליובט זיין אוממיטל-באַרקייט און געטרייע לעבנס-שילדערונג. צווישן פרישמאַנען און ספּעקטאָרן האָט כסדר אָנגעהאַלטן אַ פריינטשאַפט, אויף וועלכער ס'איז נאָר איינמאָל אויף אַ קורצער צייט געפאַלן אַ שאָטן. דאָס איז טאַקע געווען אין אָדעס, אין דער מלחמה-צייט, ווען פרישמאַן האָט אומדירעקט פאַרטשעפּעט ספּעקטאָרן אין זיינס אַ פעליעטאָן, נישט דערמאָנענדיק זיין נאָמען. ספּעקטאָר האָט אויך אומדירעקט אָפּגעענטפערט. צווישן זיי ביידע האָט זיך געשאַפן אַ שטילער ברוגז. פרישמאַן, ווי באַוווּסט, איז נישט געווען פון די מענטשן, וואָס „לאָזן זיך שפּייען אין דער קאַשע", האָט ער אָנגעשריבן אַ זייער שאַרפע נאָטיץ. ער האָט זי אָבער נישט געלאָזט דרוקן, נאָר האָט געגעבן עמעצן פון זיינע מקורבים, יענער זאָל עס לייענען פאַר ספּעקטאָרן. ספּעקטאָר איז געווען שטאַרק אומגליקלעך, ער האָט זיך נישט געקאָנט באַרויִקן. אויך פרישמאַנען האָט אָנגעהויבן צו פאַרדריסן דער ברוגז. אַ וואָך אָדער צוויי האָבן זיי אויסגע-מיידט איינער דעם אַנדערן, ביז די נאָענטע קאָלעגן האָבן שוין

מער נישט געקאָנט צוזען, ווי אַזוי זיי ביידע ליידן. מ'האָט באַשלאָסן צו מאַכן שלום צווישן זיי. אַ גרופּע שרייבער מיט יידישע אַקטיאָרן, צווישן וועלכע ס'איז אויך געווען קלאַראַ יאָנג, וועלכע האָט דעמאָלט געהאַט גרויס ביי־פאַל מיט איר שפּילן, פלעגט זיך אַרום פינף־זעקס אַ זייגער אין אָוונט צוזאַמענקומען אין דעם גרויסן קאַפע־הויז ראָבינאַ. פרישמאַן פלעגט זיין דער ראש־המדברים. איז האָט מען געפּועלט ביי פרישמאַנען, אַז ווען ספּעקטאָר וועט צו אים צוקומען, זאָל ער אים געבן די האַנט און ס'וועט ווערן שלום. און אָט זיצט מען ביי אַ טישל אין קאַפע־הויז, פרישמאַן זיצט אויבנאָן, ס'באַווייזט זיך ספּעקטאָר, אַ צעפּאַרעטער, און בלייבט אומבאַהאָלפן שטיין ביי דער טיר. האָט זיך אויפגעהויבן אליעזר שטיינמאַן און דער שרייבער פון די שורות, צוגעלאָפן צו ספּעקטאָרן, אים פון ביידע זייטן אַ כאַפּ געטון אונטער די אָרעמס און מיט גרויס פּאַראַד צוגעפירט צו פרישמאַנען, מ'האָט זיך געגעבן די הענט און ביידנס פּנימער האָבן אויפגעלויכטן, ווי ביי קינדער, ווען מען עס טרעפט אַ גרויס גליק... קיין איין וואָרט האָט מען שוין נישט גערעדט וועגן דעם געוועזענעם און די פריינטשאַפט האָט זיך צוריק אָנגייט און איז שוין מער נישט פאַרכמאַרעט געוואָרן.

ספּעקטאָר האָט פאַרעפנטלעכט אַ ריי ראָמאַנען. דער גרעסטער און פּאָפּולערסטער איז דער „יידישער מוזשיק", ווו דער מחבר דערציילט וועגן די ערשטע פּיאָנערן פון ערד־אַרבעט צווישן די יידן אין רוסלאַנד. דער ראָמאַן איז געשריבן מיט אַ סך נאַאיוויטעט, סענטימענטאַל, אָבער מיט פאַר׳טאַנד פאַרן יידישן לעבנס־שטייגער און געטרייע רעאַליסטישע שילדערונגען. ס'איז איצט שווער צו געפינען דעמדאָזיקן ראָמאַן, וואָס איז שוין אַ יקר־המציאות, ווי אויך דעם המשך זיינעם, „עניים ואביונים". ספּעקטאָר האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַ ראָמאַן „יידישע טעכטער", ווו ער שילדערט די יידישע אינטעליגענץ פון רוסלאַנד סוף פאָריקן יאָרהונדערט. ער האָט אויך אָפּגעדרוקט אַ טייל פון אַ גרויסן ראָמאַן, וואָס ער האָט פאַרטראַכט וועגן ר' ישראל בעל־שם־טוב. ער הייבט אָן צו שילדערן דעם פאָטער פון דער חסידישער באַוועגונג אַלס יונג בחורל, ווי

ער גייט אַרויס אינם פרייען פעלד און ווערט באַגייסטערט פון דער אַרומיקער פרעכטיקער נאַטור. פאַראַן אין ספעקטאָרס ראָמאַנען אַ סך וואַרעמקייט און דערהויבנקייט, די שפּראַך איז לייכט און פליסיק און די טעמע איז אַנציעודיק.

אויף זיינע ראָמאַנען און דערציילונגען האָט זיך געהאָדעוועט דער יידישער לייענער, וועלכן ער האָט, אַזוי ווי מענדעלע און שלום-עליכם, אַרויסגעראַטעוועט פון שמ״ר, בלאָשטיין און ענלעכע שרייבער, און אים דערנענטערט צו דער קינסטלעריש-אָריגינעלער ליטעראַטור אין יידיש.

ספעקטאָר איז געווען איינער פון די געטרייסטע, וואָס האָט געהאָלפן אויסבויען דעם פרעכטיקן בנין פון דער וועלטלעכער יידישער ליטעראַטור, ער איז געווען אַן איבערגעגעבענער פריינט פון יידישע שרייבער, ער האָט אין זיך פאַרמאָגט אַ סך ליבשאַפט און גוטסקייט, איז געווען באַליבט ביי די לייענער און ביי די שרייבער.

ספעקטאָר איז געשטאָרבן אין אַמעריקע אין יאָר 1925.

# לייב מלאך

ל. מלאך — דער געזונטער, קערנדיקער, „פּירקאַנטיקער" אין פיגור און פּנים — האָט איבערגעריסן זיינע וואַנדערונגען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן כמעט פון זיין פריער קינדהייט. אויפן מיטן וועג, צווישן פוילן, אַמעריקע און סאָוויעטן־פאַרבאַנד, ווּהין ער האָט געזאָלט פאָרן, האָט זיך איבערגעבראָכן דער וואַנדער־וועג, וואָס האָט זיך פונאַנדערגעצויגן אויפן גאַנצן שטח פון זיין לעבן. זיין געוואַלטיקע ענערגיע, לעבנס־פרייד, אַרבעטס־קראַפט און וואַנדערלוסט איז אָפּגעהאַקט געוואָרן אין רעכטן מיטן. אַ סך פּלענער, פּערספּעקטיוון, אויסזיכטן האָט ער געטראָגן אין זיך. אַ מענטש, וואָס איז שטענדיק געווען אין באַוועגונג, האָט געוואָגלט פון קאָנטינענט צו קאָנטינענט, לאַנד צו לאַנד, איבער שטעט און שטעטלעך — אָן אייביקער אומרו. און פונקט ווי ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף אַ לענגערער צייט ערגעץ אין דער וועלט, אַזוי איז ער אין דער ליטעראַטור קיינמאָל נישט געבליבן שטיין אויף איין געביט: לידער, דערציילונגען, ראָמאַנען, דראַמען, רייזע־באַשרייבונגען, רעצענזיעס — אויף אַלע געביטן איז ער געווען אַקטיוו, אומעטום היימיש, ווי ער איז געווען אין דער גאַנצער וועלט, בעת זיינע וואַנדערונגען.

פון קינדווייז אָן אַ פאַרוואָגלטער, אַ פרעמדער, איינזאַמער און פאַרשטויסענער, איז אים תמיד אויסגעקומען זיך צו פאַרלאָזן אויף זיינע אייגענע כוחות. אַזוי האָט ער זיך מיט גרויס אָנשטרענגונג און ענערגיע אַרויסגעריסן פונם קליינעם געבוירנשטעטל אין דער גרויסשטאָט. ער איז אינגאַנצן געווען אָנגעוויזן אויף זיך. און זיין ליידנפולע קינדהייט האָט ער שפּעטער מיט יאָרן באַשריבן אין זיין אויטאָביאָגראַפישן בוך „אַלטערס יוגנט־יאָרן".

אויב ס'איז געווען אַ יידישער שרייבער, וואָס איז געווען פול מיט לעבנסלוסט, מיט ענערגיע, אַרבעטס־פעיִק און אין שטענ־דיקער באַוועגונג, איז ער דאָס געווען. דאָס איז געווען דער מענטש פון אומאויפהערלעכער באַוועגונג, תּמיד געפּאַקט זיינע זאַכן, באַ־שטענדיק געשטאַנען מיט דער וואַליזע אין דער האַנט. עס איז געווען מלאך דאָ, מלאך — דאָרט, אומעטום — מלאך. ער האָט זיך געאיילט, איז אַרומגעלאָפן איבער דער וועלט, ווי ער וואָלט עפּעס געהאַט אַ פאַרגעפיל, אַז אָט־אָט און ס'וועט זיך ענדיקן, אַז באַלד וועט מען אים אַ רוף טון און ער וועט שוין מער נישט קאָנען וואַנדערן, אַרומפאָרן, זיין אומעטום.

סך־הכל 42 יאָר איז ל. מלאך אַלט געווען. אַ מענטש, וואָס האָט קיינמאָל קיין היים נישט געהאַט. אין דער פריער קינדהייט איז אים אָפּגעשטאָרבן די מוטער. דער פאָטער האָט חתונה גע־האַט צום צווייטן מאָל און זיך מיטן קינד נישט פאַראינטערעסירט. האָט ל. מלאך שוין פון זיין פריער קינדהייט אָנגעהויבן צו וואַנ־דערן, זיך געהאָדעוועט ביי אַ יידן, און נאָך כּמעט אַלס קינד האָט ער אָנגעהויבן צו זיין זעלבשטענדיק און זיך דורכשלאָגן אַ וועג אין לעבן. שווער און ביטער געאַרבעט אַלס לערניינגל ביי פאַרשידענע באַלמעלאָכעס און ערשט צו זעכצן יאָר האָט ער זיך אויסגעלערנט שרייבן יידיש. און אין פינף יאָר אַרום האָט ער זיך שוין אָנגעהויבן צו דרוקן. און פון דעמאָלט אָן באַגעגנט מען דעם נאָמען ל. מלאך און דאָס אין צייטשריפטן און זשורנאַלן אין איי־ראָפּע, פאַראייניקטע שטאַטן, דרום־אַמעריקע און ווו נישט?

מיט אַן אייזערנער ענערגיע איז מלאך באַשאַנקען געווען נישט בלויז אויף צו וואַנדערן איבער שטעט און לענדער: ער האָט אויך זיינע וואַנדערונגען זיינע בעסטע ווערק געשאַפן. „דאָן דאָמינגאָס קריי־צוועג" — אַ ראָמאַן פון הונדערטער זייטן, איז אַן אַנטפּלעקונג אין דער יידישער ליטעראַטור פון אַ ווינקל, וואָס איז אַזוי ווייט פון אונז און פון אונזערע באַגריפן. געאָגראַפיש און פּסיכאָלאָגיש פרעמד און ווייט. ליגט נישט אין דאָן־דאָמינגאָ דער דיכטער אַליין, וואָס האָט אויף זיינע וואַנדערונגען פאַרבראַכט אַ

לענגערע צייט אין אַרגענטינע און בראַזיליען? אָט דער ראָמאַן האָט באַוויזן די גרויסע מעגלעכקייטן, וואָס זענען געלעגן אין מלאכן. דער אויטאָדידאַקט, וואָס האָט ערשט צו זעכצן יאָר אָנגעהויבן זיך לערנען שרייבן יידיש, האָט שפּעטער געשאַפֿן אַ מייסטערווערק נישט נאָר אין זין פֿון קינסטלערישער פּאָטענץ, נאָר אויך מיט ברייטן וויסן. ווערן דאָך אין „דאָן דאָמינגאָ" געגעבן עטנאָגראַפֿישע, קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע, פּאָליטישע און אפֿילוווירטשאַפֿטלעכע בילדער פֿונם ווייטן בראַזיליען. פֿון די ערשטע פּיאָנערן איז ל. מלאך געווען, וואָס האָבן אַנטוויקלט אַ יידישע קולטור־באַוועגונג אין דרום־אַמעריקע. אָט אין יענעם ווייטן אַרגענטינע, וווּ מ'האָט אויף יעדן ייד געקוקט, ווי אויף אַ הענדלער מיט לעבעדיקער סחורה, איז מלאך געווען פֿון די ערשטע, וואָס האָבן דאָרט אויפֿגעהויבן די פֿאָן פֿון יידישער מאַסן־קולטור. און אַ קאַמף האָט מלאך געפֿירט קעגן די טמאים און פֿאַרדאַרבער פֿון אונזער לעבן. זיין פּיעסע „איבערגוס" איז געווען דער ערשטער סיגנאַל צום אָרגאַניזירטן קאַמף מיט די טמאים. אַ סך מוט און ענערגיע האָט זיך געפֿאָדערט פֿון ל. מלאכן און זיינע חברים צו מאַכן דידאָזיקע איבערקערעניש אינם דאָרטיקן געזעלשאַפֿטלעך־יידישן לעבן, וווּ די אויסוואָרפֿן זענען שיער נישט געווען די טאָנגעבער.

די לעצטע פּאָר יאָר איז ער געווען אין פּוילן, וווּ ער איז אויך נישט געזעסן אויף אָן אָרט. ער איז כּסדר אַרומגעפֿאָרן איבער שטעט און שטעטלעך, אַרויסגעטרעטן אויף אָוונטן און פֿאָרלעזונגען. מיט וואָס פֿאַר אַן אַנטציקונג מלאך האָט דערציילט, ווי אַזוי ער האָט באַזוכט זיין געבורט־שטעטל, וווּ ער איז נישט געווען פֿון דער קינדהייט אָן, ווי אַזוי ס'גאַנצע שטעטל האָט אים אויפֿגענומען און ווי מ'האָט זיך געחידושט, וואָס פֿונם אָרימען יינגל, וואָס אַלע געדענקען נאָך, איז אויסגעוואַקסן אַ באַוווסטער שרייבער. די טענות, וואָס קרובים האָבן געהאַט צו אים, הלמאי ער האָט זיי אַרויסגעשטעלט אין אַ נישט גאָר סימפּאַטיש ליכט (אין „אַלטערס יוגנט־יאָרן"). פֿאַרברענגענדיק אין פּוילן, האָט זיך

מלאך דערווײַל „אַראָפּגעכאַפּט" אויף אַ רייזע קיין איטאַליע און עסטרייך, ער איז אויך געווען אין דייטשלאַנד. סוף ווינטער איז ל. מלאך אָפּגעפאָרן פון פוילן, כדי צו זיין נאָכאַמאָל אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ער האָט זיך אָבער ווידער אָפּגעשטעלט אין לאָנדאָן, האָט באַזוכט פּאַריז, בעלגיע, און אפילו געמאַכט אַ רייזע איבער שפּאַניען. ער האָט דאָרט אויסגעזוכט יידן און איינגעאָרדנט פאָרטרעגן וועגן יידישער ליטעראַטור. נאָכדעם קומט ווידער לאָנדאָן, פּאַריז, בריסל. מלאך איז געווען אין בריסל, ווו ער האָט געזאָלט פאָרלייענען זיין פּיעסע „מיסיסיפּי". ער איז אָבער פּלוצלינג קראַנק געוואָרן אויף אַן אַפּענדיציט און מ'האָט אים געמוזט אָפּפירן קיין פּאַריז און מאַכן אַן אָפּעראַציע. נאָכדעם איז געקומען די טרויעריקע ידיעה, אַז ל. מלאך איז שוין מער נישטאָ...

ל. מלאך איז געשטאָרבן אין איין טאָג מיטן גרויסן רוסישן שרייבער און קעמפער פאַר די העכסטע מענטשלעכע אידעאַלן, מאַקסים גאָרקי. אויב מען וויל, קאָן מען אין דעם זען עפּעס סימבאָליש, ווייל אויך מלאך האָט זיין פען געווידמעט די אונטערדריקטע און פאַרשקלאַפטע און האָט געקעמפט פאַר בעסערע צייטן. מיר האָבן געזען אין „יונג־טעאַטער" זיין סצענישן רעפּאָרטאַזש „מיסיסיפּי" אין מ. ווייכערטס אויפפירונג. דאָ האָט מלאך זיך אַנטפּלעקט אַלס זוכער און פאַרטיידיקער פון סאָציאַלער גערעכטיקייט. מיט אַ שאַרפער בייסיקער סאַטירע האָט ער אויפגעדעקט די הינטער־קוליסן פונם באַרימטן נעגער־פּראָצעס, וואָס האָט בשעתו אויפגערודערט די וועלט.

אויך אין זיינע אַנדערע פּיעסן און ווערק האָט מלאך תמיד געפירט אַ באַשטימטע ליניע, וואָס אין איר יסוד איז געווען דאָס שטרעבן און וועקן צום סאָציאַלן יושר.

לייב מלאך האָט פאַרעפנטלעכט זיין לעצט בוך „פּאַלעסטינע־רעפּאָרטאַזשן", וואָס זענען געשריבן מיט אַזוי פיל אויפריכטיקייט און ערנסטן אַריינדרינגען אין אַ ריי פּראָבלעמען פון היינטיקן פּאַלעסטינע. מלאך האָט אין לאַנד פאַרבראַכט עלף חדשים. פאַר דער צייט איז ער אַריינגעדרונגען אין אַלע ווינקעלעך, האָט זיך מיט

אַלץ אינטערעסירט און אַליין געפּאָרשט. מלאך האָט זיך נישט אָפּ־געשטעלט אַליין זיך צו שטעלן אַרבעטן אַלס טאָגלוינער ביי פאַר־שידענע שוואַרצע אַרבעטן (ער איז געווען געזונט און קרעפּטיק), כדי ער זאָל האָבן די געהעריקע פאָרשטעלונג וועגן די אַרבעטער דורכן קומען מיט זיי אין דירעקטע אוממיטלבאַרע באַציִונגען.

אָט אַזוי האָט לייב מלאך געוואַנדערט פון זיין קליינעם שטעטל קיין וואַרשע, פונדאַנען קיין אַרגענטינע, פאַראייניקטע שטאַטן, קאַ־נאַדע, צוריק קיין פוילן, דייטשלאַנד, רומעניען, ענגלאַנד, פראַנק־רייך, איטאַליען, שפּאַניען — און ווו נישט ? זיין קורץ און פרוכטבאַר לעבן האָט זיך איבערגעריסן אויפן מיטן וועג פון זיינע וואַנדערונגען.

# צבי הירשקאַן

„צוויי וועלטן" – אָט מיט דעם ווערק איז צבי הירשקאַן אַריין אין דער יידישער ליטעראַטור. אין אים גופא איז אויך געווען אַ געראַנגל פון צוויי וועלטן, צווישן וועלכע ער האָט זיך געוואַקלט. אָדער, בעסער געזאָגט: ער איז פון איינער אַרויס און אין דער אַנדערער נישט אַריין. דאָס איז געווען דער טיפיש־יידישער אינטעליגענט פונם אָנהייב היינטיקן יאָרהונדערט, וואָס האָט אָנגעווירן דעם באָדן פון אונטער זיינע פיס און איז ווי געבליבן הענגען איבער אַ תהום, וואָס האָט אים תמיד געדראָט איינצושלינגען. ער האָט זיך געראַנגלט און אפשר זיך געזוכט צו ראַטעווען, עס האָט זיך אים אָבער קוים איינגעגעבן...

ער איז געווען פון די, וואָס זענען אַנטרונען פון דער ישיבה, ווו זיי האָבן צוזאַמען מיט אביין מיט רבאָן אויך פאַרלאָזט דעם אַלטן גלויבן און געבליבן בכלל אָן אַ גלויבן. דידאָזיקע אינטעליגענטן האָבן זיך געוואָרפן אויף פאַרשידענע געביטן, זענען אפילו צוגעשטאַנען צום סאָציאַליזם, אָבער אויך דאָרטן נישט געפונען זייער גייסטיקן גלייכגעוויכט און זענען אַוועק צעבראָכענע און אַנטוישטע. דאָס איינציקע, וואָס איז זיי פאַרבליבן, איז געווען דער ביטערער איראָנישער שמייכל, וואָס האָט די גייסטיק־שוואַכערע דערבראַכט צו ציניזם.

צבי הירשקאַן איז געווען אַ זייער באַגאַבטער שרייבער מיט אַן אָריגינעלן אַרט דענקען, האָט פאַרמאָגט אַ שאַרפע פען. ער איז געווען פאַרשידנאַרטיק און צוגלייך געשריבן בעלעטריסטיק, פובליציסטיק, עסייען און קריטיק. ער איז אָבער געבליבן שטעקן אין אַ טעמפּ ווינקל. אָנגעהויבן האָט ער מיט אַ ראָמאַן „צוויי וועלטן", וואָס האָט געמאַכט אַ רושם אין יענער צייט, ווען פּרץ

האָט אים אָפּגעדרוקט אין איינעם פון זיינע זאַמלביכער „יידיש". אין זיין ערשטן ראָמאַן שילדערט הירשקאַן די ליבע פון אַ יידיש יינגל צו אַ קריסטלעך מיידל. אויפן פאָן פונם לעבנסשטייגער פונעם שטעטל פירט ער אַרויס זיינע העלדן און וויקלט פונאַנדער די קעגנזייטיקע באַציִונגען צווישן די יידישע און קריסטלעכע שכנים, ווי אויך צווישן די שטעטלדיקע יידן. ער ווייזט אַ גאַנצע גאַלעריע טיפּן, כאָטש נישט אַלע אַזוי בולט און אויסגעשפּראָכן, ווי די הויפּט-העלדן, אָבער מיט אַ בליק פון אַ מענטש, וואָס קען אַריינ-דרינגען אין די פּסיכאָלאָגישע פּאַרוויקלונגען. די שילדערונגען פונם געטאָ-קינד, ווי אַזוי ער פילט און ווייטיקט דורך זיין ליבע, קאָן נאָך היינט דינען אַלס מאַטעריאַל פאַר פּסיכאָ-אַנאַליטיקער. פאַרהאַן אַ יסוד צו מיינען, אַז דער ראָמאַן טראָגט אַן אויטאָביאָ-גראַפישן כאַראַקטער. ס'איז אויך קענטיק די השפּעה פון דער רו-סישער ליטעראַטור פון די אַכציקער יאָרן. אַ חוץ זיין ליטעראַרישן ווערט איז די „צוויי וועלטן" אין אַ געוויסן זין אַ מאָנאָגראַפיע פון אַ ווייסרוסיש יידיש שטעטל, וואָס צו יענער צייט האָט עס די יידישע ליטעראַטור, אויב כ'האָב קיין טעות נישט, נישט געהאַט.

הירשקאַן איז שוין אָבער אויף אָט דעם געביט ווייטער נישט געגאַנגען, ווייניקסטנס ביז נאָכן יאָר 1921, ווען ער האָט דורך ליטע איבערגעוואַנדערט קיין דייטשלאַנד און האָט זיך שפּע-טער באַזעצט אין אַמעריקע. ער האָט געשריבן אַרטיקלען, פעי-ליעטאָנען, עסייען.

און אָט וועגן זיינע עסייען לאָזט זיך אַ סך רעדן. נאָך מיט יאָרן צוריק איז אויף די עמודים פון די „ליטעראַרישע בלעטער"*) געווען אַ רעצענזיע, אין וועלכער דוד רויכל האָט אין גערעכטן צאָרן שאַרף אָנגעגריפן הירשקאַנס בוך עסייען („אונטער איין דאַך") מיטן בייסיקן נאָמען „ווען גאַליקייט עסייעוועט". דער הויפּט-חסרון פונם בוך איז אייגנטלעך דאָס, וואָס הירשקאַן האָט

*) № 41, 1931.

אָפּגעדרוקט דאָס, וואָס ווערט אַזוי אָפּט געקיבעצט אין ליטעראַ־רישע קאַפּעען ביי אַ געוויסער שטימונג, ווען די אַטמאָספער איז צעוואַרעמט און מען איז נישט זהיר מיט אַן איבעריק וואָרט. דאָס קיבעצן אָדער רכילות (ווי ד. ר. רופט עס אָן) איז אַ נאַטירלעכע און געוויינלעכע זאַך ביי שרייבער, אָבער דעמאָלט, ווען עס בלייבט ביים טישל, צווישן קאָלעגן. ס׳איז די שוים פון ליטעראַרישע גע־שפּרעכן און דיספּוטן. אָבער בעת אַזעלכע זאַכן ווערן פאַרעפנט־לעכט, איז שוין דאָס טאַקטלאָזיקייט, בייזוויליקייט און אפשר נאָך ערגער... באַזונדערס בנוגע צו גרויסע נפטרים, וואָס ווערן דורך אַלעמען געאַכט. הירשקאַנען האָט געפעלט דער חוש, וואָס רעגו־לירט די מענטשלעכע באַציִונגען. ער האָט נישט פאַרמאָגט אין זיך דעם עלעמענט, וואָס מאַכט דעם מענטש באַליבט ביים מיטמענטש, אים האָט געפעלט די ליבשאַפט צו די אַרומיקע, צום מענטש אַלס אַזעלכן. ס׳קאָן זיין, אַז דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ ביטער לעבן, פון נישט איינגעגעבענע שטרעבונגען, פון נישט דערגרייכ־טע צילן — אַ פאַרביטערטקייט און גאַליקייט צו אַלעמען. בלויז שטאַרקע כאַראַקטערן גייען אַרויס פון שווערע לעבנס־נסיונות נישט צעבראָכענע. ס׳פאָדערט זיך דערצו אַ פעסטער עטישער יסוד, אויפצונעמען דעם צוועק פון אַ שרייבער אָדער קינסטלער אַלס עובדה עפּעס מתקן זיין באַוווסטזיניק אָדער נישט באַוווסטזיניק. הירשקאָן איז געווען אַ טאַלענט אָן אַן אויסגאַנגס־פּונקט, ער האָט צו גאָרנישט געשטרעבט און גאָרנישט פאַרלאַנגט און דערין איז געלעגן זיין טראַגעדיע. ער איז געווען צו ניכטער, איז נישט אַריינגעפאַלן אין התפעלות, האָט זיך נישט באַגייסטערט. פּונקט ווי זיין מענדל פון די „צוויי וועלטן" האָט געליטן פון קרענקלעכער סעקסועלער ליבע, וואָס האָט פאַרשטעלט פאַר אים די גאַנצע וועלט, אַזוי האָט הירשקאָן געליטן פון ביטול און אפשר גאָר פון שנאה צו די אַרומיקע. אַזעלכע מענטשן האָבן נישט קיין האָריזאָנט, זענען אויסגעוואָרצלט און באָדנלאָז.

איך האָב באַגעגנט הירשקאַנען אין אַ צייט, ווען ער האָט איבערגעלעבט אַ פּערזענלעכע טראַגעדיע: ס׳איז ביי אים גע־

שטאָרבן זיין איינציק קינד, אַן אכט אָדער צען־יעריק יינגל. ער איז דעמאָלט געקומען פון כאַרקאָוו קיין קיעוו. הירשקאַן האָט זיך פאַרלאָזט אַ באָרד און איז אַריינגעפאַלן אין מיסטישע שטימונגען. עפּעס האָט ער גערעדט וועגן הש׳אַרת־הנפש, וועגן אַ יענער וועלט, וועגן ספקות און יאוש. דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען ס׳האָט זיך געהאַט צעשטורעמט די גרויסע רוסישע מלוכה, ווען איבער אוקראַינע האָט געבושעוועט אַ בלוטיקער געווירבל און יעדן טאָג זענען געווען אָן אַ שיעור קרבנות. מ׳האָט אים געקאָנט באַדויערן. ער איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ געשפּענסט, ווי אַ לונאַטיקער און שיעור נישט גערעדט ווי עפּעס אַ מוכיח...

אין יאָר 1923 איז אין „כלל־פאַרלאַג" אין בערלין אַרויס הירשקאַנס אַ קליין ביכל „נישט הינטער אַ פּלויט". ער דערציילט דאָרטן, ווי אַזוי ער איז געקומען נאָך פופצן יאָר אין זיין שטעטל אין ווייסרוסלאַנד אויף קבר־אבות. „בלאָנזשענדיק איבער דער גרויסער וועלט, דערציילט הירשקאַן, ווו גענעכטיקט נישט געטאָגט און ווו געטאָגט נישט גענעכטיקט, האָב איך אָנגעהויבן צו שפּירן, עס דערנענטערט זיך די צייט, ווען איך וועל אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז איך האָב ווען עס איז אַ „שורש" געהאַט, אַז ווען עס איז בין איך אויך אַ קינד פון אַ טאַטע־מאַמע געווען... געקומען אַהער כאָטש „אַן אָנדענק" פון מיין וויגעלע צו זוכן..."

די דערציילונג, אָדער ריכטיקער געזאָגט, די דערינערונג דערמאַנט זיינע „צוויי וועלטן". הירשקאַן שילדערט דאָס שטעטל — דעם מאַרק מיט די האַלב איינגעפאַלענע קרעמלעך, די יידן מיט די מאָדנע אויסגעקרייזלטע פאות, די ווייבער, פאַרוויקלטע אין פאַרשלומפּערטע שמאַטעס און די באָרוועסע, בייכיקע קינדער. ער דערציילט וועגן די פּויערים, וואָס זיצן פאַרביטערטע אויף זייערע וועגעלעך מיט האָלץ. נאָר דער עיקר שילדערט ער אַ מערקווירדיקן ייד, אברהם דעם שוואַרצן, וואָס דאָס ווייב איז אים געשטאָרבן ביים געבוירן דאָס אַכטע מיידל, דעם יידס לעבן, זיין געראַנגל פאַר דער עקזיסטענץ, זיין אויסערגעוויינלעכע געטרייַשאַפט צו זיינע קינדער און אַ פאַרקריפּלטע טאָכטער, די איינ-

ציקע, וואס איז געבליבן ביי אים, ווייל מ׳האט איר אמאל אויף א דעמאנסטראציע אראפגעשאסן די פיס.

הירשקאן פאלט אפילו אריין אין סענטימענטאלע שטימונגען און דאס ביכל פארענדיקט זיך מיט:

„פון אט דער נאכט האב איך דערפילט, אז אמאל בין איך א היגער געווען, — און אויך — אז אמאל האב איך א טאטע-מאמע פארמאגט"...

אלץ איז, קענטיק, געווען „אמאל", ווי ביי אלע אויסגע-וואָרצלטע, וואס האבן נישט קיין היינט און קיין מארגן... אבער דאך איז עס רירנדיק דאס „אמאל האב איך א טאטע-מאמע פאר-מאגט". ווער קאן אפשאצן א מענטשס הארץ און ווער האט די רעכט צו ווארפן א שטיין אין איינעם. וואס היינט קאן מען אויף אים זאגן: ער איז געווען און שוין מער נישטא...

## II

דוד בערגעלסאָן
אברהם מאָרעווסקי
וו. לאצקי-בערטאָלדי
דניאל טשארני
דוד ווארדי
קלארא יאָנג
משה נאדיר
מאָריס שווארץ
פּרץ הירשביין
מיכאיל יאָ
איציק מאנגער
נתן גרינבלאט
מארק ראזומני

# ר יי פ ק יי ט

(וועגן דוד בערגעלסאָן)

אין דער „יידישער״ פּראָזע־ליטעראַטור״ איז דוד בערגעלסאָן דער רייפסטער קינסטלער. ער איז שוין רייף געווען דעמאָלט, ווען ער האָט מיט 25 יאָר צוריק אַרויסגעלאָזט זיין ערשט ווערק „אַרום וואָקזאַל״. אין סטיל, אין רעליעפקייט פון בילד, אין דער געשטאַלטונג פון זיינע פּאַרשוינען, אין דער גאַנצקייט פון דער שילדערונג — אומעטום איז ער געטריי זיך, זיין אייגענעם און איינציקאַרטיקן וועג.

ס'איז די רייפקייט פונם סוף זומער, די צייטיקייט און זאַפטיקייט פון האַרבסט־פּירות. אַלע זיינע ווערק זענען באַהויכט מיט עלעגיע. איבער אַלץ שוועבט די עפּישע רויִקייט פונם האַרבסט. דער פּקח בערגעלסאָן איז קהלתדיק אין זיינע שטימונגספולע ווערק. אפילו אין זיינע קינדער־מעשיות, ווו ער איז שטאַרק באַאיינפלוסט פון שלום־עליכמס קינדער־דערציילונגען, פילט זיך אַ צאַרטע פאַרחלומטקייט, לייכטע וואָלקנדלעך שוועבן איבערן הימל פון זיינע קינדערישע העלדן.

דוד בערגעלסאָנס פּייזאַזשן אין דער ליטעראַטור זענען אין תוך אַ המשך פון דעם באַרימטן רוסישן מאָלער, דעם ייד איסאַק לעוויטאַן, וועלכער האָט פאַראייביקט די מעלאַנכאָלישע לאַנדשאַפטן פון די רוסישע פעלדער, די כמורנע רוסישע הימלען.

כמעט אַלע גרעסערע ווערק בערגעלסאָנס הייבן זיך אָן מיט אַן עפּישער עלעגישקייט, פון וועלכער דער קינסטלער זוכט זיך שפּעטער צו באַפרייען, אָבער דאָס גיט זיך אים איין זייער זעלטן. אין זיין פאַרבן־גאַמע דאָמינירט תמיד דאָס גרויע, דאָס האַרבסטיקע, די שטימונג פון דעמערונג־שעהן.

ס'געדענקט זיך, אַז מיט יאָרן צוריק האָט בערגעלסאָן אַמאָל

געשפּילט אין דער קיעווער „קולטור-ליגע" שלום-עליכמס „ס'אַליגן".
דער פּלאָפּלענדיקער קאָכעדיקער שלום-עליכם-טיפּ, וואָס האַלט אין
איין דערציילן פּליאָטקעס פון זיין שטעטל קאָלאָמייע, איז ביי בער-
געלסאָנען אַרויסגעקומען מיושבדיק, אומעטיק, כמעט מרה-שחורה-
דיק. בערגעלסאָן האָט דעמאָלט געשפּילט זיך, דעם אַנדערן בער-
געלסאָנען. אָנגעטון אין שוואַרצן, איז ער דעמאָלט געשטאַנען אומ-
באַוועגלעך און האָט דערציילט זיין פּאַרטנער וועגן דעם שטעטל
קאָלאָמייע מיט די לעכערלעכע און פּוסטע פּאַרשוינען, קליינלעכע
אינטריגעס און פּליאָטקעס.

שלום-עליכם איז אין זיין שאַפן בשום אופן נישט דער אויס-
געשפּראָכענער רעאַליסט. זיינע טיפּן און געשטאַלטן זענען באַ-
פליגלט פון פאַנטאַזיע. זיי זענען נישט קיין אויסגעטראַכטע און
נישט קיין אידעאַלע; ס'איז אַ געמיש פון רעאַליסטיק מיט פאַנטאַס-
טיק — אָט אַזוי האָט זיי געזען שלום-עליכם, — דער
גרויסער מייסטער, אין זיין שאַפונגס-סוגעסטיע. ס'איז זיין גאַ-
לעריע טיפּן, זיינע מענטשן און זיינע העלדן. שלום-
עליכמס פּאַרשוינען זענען דורכאויס טעאַטער, נעמט און שטעלט
זיי אַוועק אויף דער סצענע און זיי וועלן שפּילן.

דוד בערגעלסאָנס מענטשן זענען מער פון טעאַטער. אין
זיינע ערשטע ווערק גיט ער אונז אַ ריי טיפּן, וואָס גייען פאַזע
דעם לעבן. עפּעס זענען זיי נישט שוה-בשוה נישט נאָר מיט דעם,
וואָס טוט זיך אַרום זיי, נאָר אפילו מיט זיך גופא. זיי בלאָנזשען
אַרום נישט באַפרידיקטע, תמיד-פאַרטראַכטע, נאָך עפּעס בענקענ-
דיקע, וואָס אַז מען זאָל זיי אָפּשטעלן און פרעגן, וואָס זיי ווילן,
וואָלטן זיי אַליין נישט קאָנען געבן קיין קלאָרן ענטפער וועגן דעם.
ס'זענען די מענטשן פון „פּיען דע-סעקל", אין זיי שפּיגלט זיך אָפּ
די גאַנצע מידקייט פונם סוף יאָרהונדערט. זיי טראָגן די שווערע
משא פון אַ סך געלעבטע לעבנס, די ירושה-לאַסט פון פריערדיקע
דורות, די מידקייט נאָך פאַרגאַנגענע שטורעמדיקע פרילינגס. דע-
ריבער איז אַ פילאָזאָפישע קהלת-רויִקייט אויסגעגאָסן אויף זיי.
בערגעלסאָן לאָזט זיך אָבער נישט פאַרפירן פון אָט דער רויִקייט,

ער גראָבט זיך אין זיי, פאָרשט זיי און לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער פּסיכאָלאָגישער דנאָ פון זייערע נשמות. פּונקט ווי אַ קינד צעשניידט און צערייסט זיין ליאַלקע און זיינע שפּילזאַכן, כּדי צו דערגיין, וואָס עס טוט זיך אין זייערע אינגעווייד, אַזוי פאָרטיפט זיך מיט גרויס נייגיריקייט בערגעלסאָן אין די פּסיכאָלאָגישע אינגעווייד פון די דורך אים געשאַפענע טיפּן. אַ סקולפּטאָר האָט געוויינלעך צו טון מיט קאַלטע מאַטעריאַלן, ווי מירמלשטיין, בראָנז וכדומה. אָט אין דעם רויען קאַלטן מאַטעריאַל הויכט ער אַריין אַ צאַפּלדיקע נשמה און דאָס מאַטעריאַל ווערט באַלעבט. בערגעלסאָן איז אין זיין שאַפן דער סקולפּטאָר פון וואָרט און סטיל. ס'איז ווייניק, וואָס ער באַהויכט מיט לעבעדיקן צאַפּלדיקן אָטעם זיין ווערק, נאָר ער פאַרטיפט זיך אין די באַהעלטענישן און לאַבירינטן פון זיינע העלדנס נשמות, וועלכע זענען סוף-כּל-סוף דער גייסט פונם קינסטלער גופא אין זיינע פאַרשידענע פאַרוואַנדלונגען.

אפילו אין זיינע נייעסטע ווערק, ווו בערגעלסאָן האָט זיך איבעראָריענטירט און זוכט צו געבן די אימפּולסן פון דעם נייעם, פריידיקן, אַרבעטנדיקן און שאַפנדיקן לעבן, — אפילו אָט אין דידאָזיקע ווערק פילט זיך דער גרונט-מאָטיוו פון בערגעלסאָנס געמיט. אַרום יעדן העלד זיינעם, אָדער ערגעץ הינטער אים, אין זיין אונטערבאַוווּסטזיין, באַוועגט זיך אַן עמעצער, אַ צווייטער, פון וועלכן עס אָטעמט מיט עלעגישער שטימונג. פון צווישן די שורות לייענט זיך אַרויס אָט דער קלוגער עפּישער עלעגיע-טאָן, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר בערגעלסאָנען.

# אברהם מאָרעווסקי

## I

דער וועג, וואָס האָט געפירט אברהם מאָרעווסקין צו דער יידישער סצענע, איז אינגאַנצן אַן אַנדערער, ווי פון אַלע אַנדערע יידישע טעאַטער-מענטשן. אברהם מאָרעווסקי איז צום יידישן טע-אַטער געקומען אַ פּאַרטיקער, אַ „געמאַכטער מענטש", ווי מ'זאָגט. און מ'מוז זאָגן, אַז ער איז געקומען אין אַ מזלדיקער צייט. ער האָט נישט דורכגעפּאַקט און דורכגעמאָזלט די „פינטעלעך ייד" מיט די „וועלוועלע עסט קאָמפּאָט" און ענלעכע אַנדערע שונד-שעדעווערן, ווי דאָס איז געווען מיטן רוב יידישע אַקטיאָרן. מאָ-רעווסקי איז געקומען אין אַ צייט, ווען דאָס יידישע טעאַטער האָט זיך אויסגעטשוכעט פונם שונד-שלאָף און זיך אָנגעשוווּנגט אייף צו מאַכן אַ גרויסן שפּרונג, אַריינצושפּרינגען אין דער איי-ראָפּעאישער טעאַטער-וועלט, ווערן אַ רינגעלע אין דער גרויסער, קולטור-רייכער און רומפולער קייט. מאָרעווסקי איז געקומען צום יידישן טעאַטער צו דער ריכטיקער צייט, ווייל דאָס טעאַטער איז שוין געווען נאָענט צוגעקומען צו אים.

„ווילנער טרופּע", וואָס האָט פאַרשריבן אַ גאָלדן בלאַט אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער, איז פאַר מאָרעווסקין, דעם ווילנער, געווען די ברייטע און אָפענע טיר זיך צו באַ-העפטן מיט דער יידישער וועלטלעכער קולטור. ס'איז געווען אַ צייט פון גרויסע חלומות, ווייטע האָפענונגען און ברייטע פּער-ספּעקטיוון. אמת, מאָרעווסקי (נישט דער ווילנער, נאָר דער פע-

טערבורגער) האָט געקאָנט האָבן אַנטוישונגען אין פּאַרנעם, אין דער באַציִונג, אין צוגאַנג און אין אַ סך אַנדערע זאַכן, מיט וואָס די נייע כּביבה איז געווען אַנדערש פון דער וועלט, אין וועלכער ער האָט ביז דעמאָלט געלעבט. ס׳איז אָבער געווען אַ צייט פון קאַמף, פון באַפליגלטע שטרעבונגען צו נייע און באַנייטע פאָרמען, צו גרינטלעכער איבערבויאונג פונם יידישן טעאַטער. די ווילנער זענען געווען דער דינאַמיס, וואָס האָט געזאָלט אויפרייסן די אַלטע פעסטונג פון דער אָפּגעשטאַנענער אָפּערעטע, פאַרשימלטער מעלאָדראַמע, פון האָפּקעס און טשאָלנט-ריחות און אויפשטעלן אַ היכל, וווּ יעדער אַקטיאָר זאָל זיין אַ כּהן-גדול. אפשר איז טאַקע דער שאַרפער איבערגאַנג געווען די סיבה (וויניקסטנס, איינע פון די סיבות), פאַרוואָס די „ווילנער טרופּע" האָט זיך בסדר געשפּאָלטן און געבראָקלט, ביז זי איז זיך איינגאַנצן פונאַנדערגעפאַלן: אַ כּהן-גדול קאָן זיין איינער, די אַנדערע קאָנען זיין כּהנים פון פאַרשידענע מדרגות, אָבער ס׳קאָן נישט געמאָלט זיין קיין היכל פון גאָלע כּהן-גדולס...

אברהם מאָרעוווסקי איז, אָבער, נישט בלויז אַן אַקטיאָר. ער איז אַ מענטש מיט אַ גרויסער קולטור, מיט שריפטשטעלערישע אַספּיראַציעס, רעדנערישע אַמביציעס, ד. ה. אַ פּערזענלעכקייט, וואָס צווייגט זיך פונאַנדער שעפערייש אויף עטלעכע געביטן, וואָס קרייצן זיך און ברענגען מיט זיך אָפט מאָרעוווסקין אין אַ קאָנפליקט מיט זיך גופא. זיין ברויזנדיקער טעמפּעראַמענט גרענעצט זיך מיט קינדערישער תּמימות. עס טרעפט אַן אַנדערש מאָל, אַז בעת מ׳זעט מאָרעוווסקין אויף דער סצענע, דאַכט זיך, אַז ער שפּילט אַ ליטעראַריש אַרטיקל; בעת מ׳לייענט אים ווייזט זיך אויס, אַז ער דעקלאַמירט און ווען מען הערט אים רעדן שיינט עס, ווי ער וואָלט שרייבן אַ פּאָעמע. די פּאַטעטיק באַהערשט אים אין אַלע דערשיינונגען, דערהייבט אים, אָבער צו גלייכער צייט פאַרפירט זי אים.

אברהם מאָרעוווסקי איז דורכאויס טעאַטראַל. דאָס זעען מיר פון זיינע גלענצנדע מעמואַרן, פון וועלכע ער האָט בלויז פאַרעפנט-

לעכט אַ גאָר קליינע טייל, דאָס פילט מען בעת מען רעדט מיט אים, דאָס שפירט מען אַרויס פון זיין שרייבן, ווען מען זעט אים אפילו נישט אויף דער סצענע. טעאַטראַלישעס איז פאַרהאַן אין זיין אויסזען, אין זיין פיגור, אין זיין באַנעמונג. צווישן יידישע אַקטיאָרן איז מאָרעווסקי די פאַרביקסטע און פילזייטיקסטע פיגור, אַ יחיד במינו.

II

וואָס מיך אינטריגירט מער פון אַלץ אין מאָרעווסקין, איז זיין עצם פערזענלעכקייט. נישטאָ, דאַכט זיך, נאָך איינער צווישן יידישע אַקטיאָרן מיט אַזאַ שאַרפן צעשויבערטן קאָפּ, מיט אַזאַ גליַענדיקן אומרו, מיט אַזעלכע בליציקע געדאַנקען-געפילן און — דער עיקר — מיט אַזאַ ברייטער ערודיציע, ווי מאָרעווסקי.

מאָרעווסקי — דאָס איז דער ספינקס, דער „פליענדיקער האָלענדער" אינם יידישן טעאַטער-וועלט. און וויפיל מאָל מ׳האָט זיך נישט באַמיט אַריינצודרינגען אין דעמדאָזיקן רעטעניש, וואָס רופט זיך מאָרעווסקי, האָט מען זיך נישט געקאָנט דערגרונטעווען צום קוואַל. ווייל טיף און שפּרודלדיק איז ער, און ווי אַ פליסיקער טייך צווישן בערג און פעלזן, שטראָמט ער אַרויס דאָ און דאָרט און באַווייזט זיך דאָס רוב דאָרטן, וווּ מ׳האָט ווייניקער ווי אַלץ זיך געריכט אים צו באַגעגענען, מיט אַ נייעם פליעסק און מיט אַן אַנדערן אָפּהילך, וואָס טראָגט זיך פונאַנדער און צעקייקלט זיך איבער באַרג און טאָל אין אַ גאַמע פון קולי-קולות. אָדער — ער צינדט זיך אָן און צעפלאַקערט זיך מיט אַלע רעגנבויגן-קאָלירן, ווי די זון אין שקיעה-שעהן.

* *
*

אברהם מאָרעווסקי פאַרמאָגט אין זיך אימפּראָוויזירטע פּי־לאָזאָפיע, דאָן־קיכאָטישע אַקטיאָרסטווע, אַקראָבאַטישע שריפט־שטעלעריי, אָראַטאָרישע שייִנגייסטיקייט, אָבער אין תּוך איז ער אַ ליריקער, אַ דיכטער, אַ ראָמאַנטיקער און סענטימענטאַל, ווי אַ יונגינקע גימנאַזיסטקע און אַן אַנדערש מאָל ווייעט פון אים מיט אַזאַ נאַיִווקייט, ווי פון אַ שכלדיק קינד, וואָס פאַרשפּילט זיך און פאַרגעסט די וועלט און אַלץ, וואָס אַרום אים טוט זיך.

בליצאַרטיק אין זיין רעדן, עקספּרעסיוו אין זיין שפּילן און אימפּראָוויזירנדיק אין זיין שרייבן — אַלץ ווערט געטריבן דורך אומרו און נישט־באַפרידיקטן זוכן און שטרעבן צו עפּעס, וואָס ער אַליין ווייסט נישט אויף קלאָר, וואָס דאָס איז אַזוינס.

און טיילמאָל דעקלאַמירט ער אין שרייבן און רעדן, אין שפּיל און אין האַנדלונג — וועמען? — זיך גופא, מאָרעווסקין. ער דעקלאַמירט אים אויס אַ פאַרכלייניעטער פון שוישפּילערישער פּאַטעטיק, פון באַגייסטערונג און אינעווייניקסטן ברען.

מאָרעווסקי ברענט כסדר. ער פאַרמאָגט נישט די מיושבדי־קייט, די רויִקייט, באַרעכנטקייט און קאַלטקייט, ווי דאָס האָבן אַ ריי קינסטלער, וואָס טראָגן אויס זייערע שאַפונגען אין קאָפּ פּרע־ציז און פאָרמירט. ניין, ביי מאָרעווסקין איז דער קאָפּ אויך אַ שטיק האַרץ. אין די געהירן איז אַ געפּלעכט פון פילנדן מאַרך מיט דענקענד בלוט. ברויזנדער פאַרשטאַנד און עקזאַלטירט גע־פיל אין קאָנפליקט מיט זיך גופא.

* *
*

אַ סך יאָרן איז מאָרעווסקי געווען אַ גלויביקער. ער האָט געגלייבט אין אַ סך זאַכן, וועלכע אַנדערע האָבן אָפּן און גע־

היים אָפּגעלייקנט. לעצטנס האָט ער אַליין אָנגעהויבן זיך צו וואַק־
לען, ס'האָט זיך אָנגעהויבן אָפּטון פון אים דער גלויבן, ער האָט
מיטן אינערלעכן בליק געזומען דורכרייסן דעם מיראַזש און איז
שיעור נישט אַריינגעפאלן אין יאוש. אַזעלכע, ווי מאַרעוווסקי,
מוזן גלייבן, מוזן האָבן פאַר זיך אַ צענטראַלן פונקט, כאָטש זיי
גייען אויף טויזנטער קעגנזעצלעכע וועגן. ווייל — אברהם מאַ־
רעוווסקי איז מער פון אַלץ אַ דיכטער, וואָס פאַנטאַזירט אויס איי־
גענע וועלטן, אין וועלכע ער לעבט און לייגט אַריין דעם זין פון
זיין וועזן. ווי דוד המלכס לעגענדאַרע פידל, הייבן אָן שפּילן די
סטרונעס פון זיין האַרץ, ווען זיי ווערן באַרירט פון מינדסטן ווינט.
פאַר זיינע אויגן בלינצלען תמיד די כישוף־פייערלעך פון דער
רזמפּע, און די סצענישע ברעטער זענען אויסגעשפּרייט פאַר אים
אויף זיין גאַנצן לעבנסוועג, זיי גייען אים פאָראויס און באַשטי־
מען זיינע טריט פון דער פריער קינדהייט ביז העט ווייט אין
לעבן אַריין.



זייז דרייעק — דאָס מיושבדיקע ווילנע — דאָס האַרץ פון
דער יידישער מאַסע — דאָס קאַלטע צפונדיקע פעטערבורג — דאָס
לייכטזיניקע זוניק־דרומדיקע אָדעס און — צוריק ווילנע. אָט דאָס
צאַפּלעניש צווישן די אין גרונט־פאַרשידנאַרטיקסטע צענטרען איז
געווען זיין פאַרשפּיל — דער אייביקער סאָרשפּיל, וואָס האָט זיך
אין אים אָפּגעשפּיגלט אויף אַ פיינלעכן אופן, האָט אים גייסטיק
באַרייכערט און סאַרטיפעוועט דעם ריס אין דער נשמה, די טראַ־
גיק, וואָס ער טראָגט אין זיך און וואָס קומט צום אויסדרוק אין
זיין פילאַרטיקייט און פילזייטיקייט.

דען — יעדער עכטער קינסטלער האַלט שטענדיק ביים אָנ־
הייב, ביים בראשית, ביים פאָרשפּיל — אין פאַרשידענע וואַריאַ־
ציעס, אין כלערליי נוסחאות. ער פאַרענדיקט קיינמאָל נישט, ווייל

פאַרענדיקן הייסט — פאַרגליווערונג, זיך אָפּשטעלן, נישט ווייטער גיין; און קונסט, שאַפונג — איז אייביקער אומרו, הויכער פלי, שטרעבונג צום אין־סופיקן, — דאָס דינאַמישע, זיך באַוועגנדע, אין ערגעץ קיין רו נישט־געפינענדע.



ס'ווילט זיך נישט דורכלאָזן די געלעגנהייט צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער איבער מאַרעווסקיס מעמואַרן, וואָס ליגן בײַ אים אָנ־געשריבענע אין צענדליקער קאַפּיטלעך און פון זיי איז בלויז אַ גאָר קליינע טייל געדרוקט געוואָרן.

אין די מעמואַרן האָט מאַרעווסקי אָפּט „פּאַרראַטן" זיך גופא. און דאָ האָט זיך אין אים אַנטפּלעקט דער קינסטלער און דער מענטש פון געמיט מיט אַ באַזונדערער שאַרפקייט.

ס'איז אַ ריקבליק־שפּאַציר איבער צענדליקער יאָרן פון אַ לעבן, וואָס האָט געשפּאַנט איבער דער וועלט מיט אַ ברייטן טראָט, האָט זיך פאַרמאָסטן אַנצושפּאַרן הויך אין די ווייטע און פרעמדע וועלטן און זיך אומגעקערט מיט פולן באַוווסטזיין פון נאַציאָנאַלער און פערזענלעכער ווירדע צום שורש. אַ מענטש, אַ קינסטלער, וואָס האָט זיך געפּרווט פאַרפלאַנצן ערגעץ אויף אַ פרעמדער ערד, איז אַוועק אויפן גליטשיקן וועג, פון וועלכן דאָס רוב האָבן זיך נישט אומגעקערט צוריק. ער איז אָבער אַרויס גאַנץ און אומבאַשעדיקט און האָט פון דאָרטן מיטגעבראַכט דאָס, וואָס די יידישע סצענע האָט אין אַ נישטיקער מאָס — קולטור און וויסן.

מיט אַן אָפּן האַרץ און אויג האָט דער מענטש דורכגעמאַכט דעם וועג פון ווילנע קיין — ווילנע. ס'ליגט אין דעם ווי אַ סימ־באָל — ווילנע און „ווילנער־טרופּע", וווּ מאַרעווסקי איז געוועזן איינער פון די הויפּט־זײַלן אין איר גלאַנץ־פּעריאָד. אָבער אויף די צווישנוועגן, וואָס זענען געווען אַן אַ שיעור ביז איר און נאָך

איר, האָט דער מענטש תּמיד געזוכט זיין איך. און די צווישנוועגן זענען געווען אויף אַ געוואַלטיקן שטח, זיי האָבן זיך תּמיד אויסגעשפּרייט און זיך פאַרצווייגט. נישט נאָר פּעטערבורג – אָדעס – און אַ ריי רוסישע שטעט מיט רוסישע טרופּעס, נאָר אויך ווייט אַריבער די גרענעצן פון דער גרויסער מלוכה. אייראָפּע. אַמעריקע – די צפונדיקע און דרומדיקע – אַ וועג איבער אָקעאַנען.

# וו. לאַצקי־בערטאָלדי

(צו זיין 50־סטן געבוירנטאָג)

אין וו. לאַצקי־בערטאָלדי לעבן צוויי נשמות: דער געזעל־שאַפטלעכער עסקן און דער ליטעראַט. דאָס ערשטע דריקט זיך אויס אין זיין אָנטיילנעמען אין פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אויפ־טוען, אין זיין אַרויסטרעטן ווי אַ גלענצנדיקער רעדנער און טרי־בון אויף פאַרזאַמלונגען, קאָנפערענצן, אין רעפּרעזענטירן און אָנ־פירן מיט זיצונגען, פייערונגען און אַנדערע אויסדרוקן פון אָרגאַ־ניזירטער געזעלשאַפטלעכקייט.

זיין ליטעראַרישע אַרבעט געפינט איר אויסדרוק אין אָפּ־האַנדלונגען, עסייען, נאָטיצן און קריטישע באַמערקונגען איבער פערזענלעכקייטן, ווערק און ליטעראַריש־קינסטלערישע דערשיינונ־גען. אין דעם ליגט זיין כוח.

אין תוך איז לאַצקי־בערטאָלדי אַ קינסטלעריש־עסטעטישע נאַטור, וואָס ווערט אַמבולטסטן באַשטעטיקט דורך דעם נאַיִוו־קינ־דישן אין זיין כאַראַקטער, דורך דער נישט־פּראַקטישקייט אינם טאָג־טעגלעכן לעבן. און דאָ אַנטשטייט דער קאָנפליקט צווישן לאַצקי־בערטאָלדי, דעם געזעלשאַפטלעכן עסקן און דעם אינדיווי־דואַליסט, די קינסטלערישע פערזענלעכקייט. וואָרים אַ כלל־טוער אָן פּראַקטישקייט איז אין אונזער צייט אַן אוממעגלעכקייט. זיין אַ כלל־טוער און נישט אויסנוצן די סיטואַציע, נישט ווערן גע־שטופּט דורך דער מאַסע, נאָכלויפן איר און מאַכן דעם אָנשטעל, אַז מען פירט זי, נישט אַראָפּלאָזן זיך — הייסט לכתחילה גיין אויף אַ דורכפאַל.

דערצו דאַרף מען זיין אַ פּסיכאָלאָג און אַ פּראַקטישער מענטש, אָבער נישט קיין דיכטער אין דער נשמה און ווייניקער פון אַלץ אַן עסטעט.

מען דאַרף וויסן דעם וועג צו אַ פּאַרטיי, אָרגאַניזאַציע, אָדער ריכטונג. מען דאַרף האָבן אַ גרייטן פּאַספּאָרט, צו וועמעס קלייזל מען געהערט. אָן אַ וואַנט אויף זיך אָנצושפּאַרן איז שווער זיך דורכצושלאָגן דורכן לעבן. וואָרים ווי איז דעם יעניקן, וואָס ביי אים איז זיין געזעלשאַפטלעכער פּאַספּאָרט נישט אין אָרדענונג! אַ ליאַדע יינגל וועט אויף אים שטיינער וואַרפן.

אין אונזער צייט שפּילט קיין ראָלע נישט קיין טאַלענט, גלאַנץ און קולטור. ווילסטו עפּעס זאָגן, מוזסטו האָבן „חסידים". דעמאָלט קאָנסטו ווערן אַ „רבי". וואָס דו וועסט לערנען — איז נישט וויכטיק. דאַרפסט נאָר קענען צוטרעפן ד י נ ע „חסידים". מען דאַרף זיך אַרומרינגלען מיט אַן עיגול און פּראַווען חסידות מיט אַ פּאָר מנינים „חסידים", פירן זיי און אַליין גיין אין שפּאַן, דעמאָלט מעג מען זיך אַלץ דערלויבן. נישקשה, די „חסידים" וועלן העלפן, זיי וועלן שוין אַרויסטראָגן, זיי וועלן קיין שטויב אויף דיר נישט לאָזן פאַלן.

וואָלט לאַצקי-בערטאָלדי געווען אַ פּראַקטישער מענטש, וואָלט ער שוין געוווּסט ווי אַזוי זיך איינצואָרדענען. ווייניק קלייזלעך, פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס זענען ביי אונז פאַרהאַן? איז ער דאָך געווען איינער פון די רביים פון אונזער דור. האָט ער דאָך אַליין געגרינדעט און אָנגעפירט מיט פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, האָט ער דאָך אויפגעשטעלט אַ ריי תלמידים. אמת, די תלמידים האָבן געפּעלשט אין רבין. אַ טייל איז אַרויס „לתרבות רעה", אַ טייל איז אַוועק אויף אַנדערע דרכים. ס'זענען אויך פאַרהאַן אַזעלכע, וואָס זענען אפילו דערגאַנגען צום „רבן דקרו"...

האָט ער נאָך איצט געקאָנט זיין אַ רבי פון אַ שיטה, אַ ריכטונג און ווערן פאַרגעטערט דורך זיינע תלמידים. וואָרים לאַצקי-בערטאָלדי קאָן דאָך עפּעס געבן. ער האָט דאָך אין זיך איינגעזאַפּט אַ ים מיט תורה, מיט ערודיציע, מיט וויסנשאַפט.

לעבט אָבער אין אים דער בעל־דמיון, דער פאַנטאַזיאָר־קינסט־לער, וואָס אין זיין נישט־פּראַקטישקייט וויל ער שיער נישט אַראָפּ־ברענגען דעם מלאך פון שלום אויף דער וועלט. ער וויל דווקא פאַראייניקן דאָס, וואָס ס'איז אוממעגלעך. ער וויל איין קליינ־קייט: יעדער פּאַרטיי און אָרגאַניזאַציע, יעדער כלל־טוער און אַנ־פירער זאָל מודה זיין, אַז ער אַליין איז נאָך נישט אַלץ, איז נישט דאָס אייבערשטע פון שטיסל, אַז נאָר דאָס, וואָס ער טראַכט און וואָס ער וויל שטייט מחוץ פון יעדן מינדסטן ספק, נאָר אַז דער אַנדערער איז אויך עפּעס, אַז יענעמס געדאַנק, דעם אַנדערנס אי־דעע איך אויך עפּעס אַ זאַך.

אונזער צייט פאָדערט אויסגעשפּראָכנקייט, זעלבסטבאַשטי־מונג צו אַ געוויסער ריכטונג. וויל לאַצקי־בערטאָלדי נישט אַנדערש, ווי צונויפזאַמלען די אַלע פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך אונזערע און מאַכן שלום צווישן פייער און וואַסער.

ער איז אַליין דער שיינגייסט, דער עסטעט, וואָס אין זיין דמיון נעמט ער אויף דאָס שיינע און גייסטיקע פון אומעטום. ער נעמט אפילו אָפּטמאָל אויף דעם שאָטן פון שיינקייט און לייטערט דאָס אויס ביי זיך אין דער פאַנטאַזיע אין דאָס ליכטיקע.

ער איז אָבער אויף אַזוי פיל נישט פּראַקטיש איינצוזען, אַז דער העכערער אמת פון קינסטלער־נאַטורן איז נישט צוגעפּאַסלעך אין אונזער פּראָזאַישן גראַשענעם לעבן.

פּראָזאַישע קלאָרקייט און אויסגעשפּראָכנקייט איז דער גע־באָט פאַר אַ געזעלשאַפטלעכן עסקן, אָבער בשום אופן נישט דער פאַרנעפּלטער עולם־הדמיון, אין וועלכן עס שוועבן אַרום קינסט־לער־נאַטורן. פאַרן געזעלשאַפטלעכן מענטש אין ברייטן פאַרנעם פאָדערט זיך צו זיין שפּעפּריש, רופן און פירן אין קאַמף, בלינד נאָכפאָלגן און פריידיקן אַלגעמיין־אָנגענומענע דאָגמעס, אָבער נישט קיין אַבסטראַקציעס, נישט קיין פאַנטאַזיעס פון פּאָעטישע העל־זער. אונזער דור שטייט מיטביידע פיס אויף דער ערד, אין וועלכער ער שטרעבט זיך איינצוואָרצלען אין טרוקענער תכלית־דיקייט און אים זענען פרעמד די הימלישע געזאַנגען פון אייבי־

קער האַרמאָניע. די באַגייסטערטע תּפילות פונם יחיד צו דער שיינקייט און האַרמאָנישקייט ווערן פאַרטויבט אינם שווערדן־קלאַנג פון די קעמפערישע מאַסן פון איין זייט און אין הפקרדיקן טומל פון המוניש־באַלעבאַטישער שפּעקולאַציע פון דער צווייטער.

אין אונזער צייט, ווען עס קומען פאָר צוזאַמענשטויסן צווישן פאַרשידענע וועלטן, ווען יעדער קלאַס און יעדער שיכט האָט זיין אמת, איז נישט אין איבערצייגן, נישט אין פריידיקן שיינקייט און שלום ווערט דער אמת געלייטערט, נאָר אין פאַרביטערטן, אומברחמנותדיקן קאַמף זוכט יעדערער צו פאַרפעסטיקן זיינע פּאָזיציעס, צו דערגרייכן זיין נצחון.

---

וו. לאַצקי־בערטאָלדי איז נישט קיין פּסיכאָלאָג־באַאָבאַכטער, וואָס נעמט אויף קודם־כל דאָס אויסערלעכע, אַנאַליזירט עס און מאַכט דערפון זיינע אויספירן. לאַצקי־בערטאָלדיס בליק איז געווענדט אין זיך. אַלץ, וואָס קומט פונדרויסן, איז בלויז אַן אָנרעגונג פאַר אים, אַ שטויס אויף אַרויסצושעפּן פון זיין אייגענער טיפעניש די אוצרות, וואָס ליגן באַהאַלטן אין אים גופא.

אים איז גענוג צו כאַפּן אַ פּעדעמל, אַ שטריך פון אַ מענטש אָדער אַ ווערק, כדי אַרומצוּוועבן אַרום דעם אַ נעץ פון געדאַנקען און שטימונגען. ס'טרעפט, אַז דער אָביעקט, וועגן וועלכן ער רעדט אָדער שרייבט, איז נישט אויף אַזוי פיל אינטערעסאַנט, ווי די געדאַנקען און אויספירן, צו וועלכע לאַצקי־בערטאָלדי קומט. לאַצקי־בערטאָלדיס אייגענער קוואַל איז אַזוי טיף און שפּרודלדיק, ס'איז אַ מעין־המתגבר, פון וועלכן ער שעפּט אַרויס אַ שלל פערלדיקע געדאַנקען און השערות.

לאַצקי־בערטאָלדי איז דער וואָרט־קינסטלער, דער רעדנער, וואָס ציט אונז צו מיט זיין געשליפענער שפּראַך, מיט דער קלאָרקייט פונם געדאַנק, ריינקייט פון סטיל. ער לאָזט זיך קיינמאָל נישט אויף עפעקטן, ער שיסט נישט מיט קיין פוסטע פייערווערק,

מיט קיין מיטינג-דרשות און דעמאַגאָגישע שפּיצלעך, ער וועקט מיטן אינעווייניקסטן ליכט פון וויסן, מיט דער פיינקייט פון דעפי- ניציע, מיט דער איבערצייגנדיקער קראַפט פון שיינגייסטיקייט, מיטן קינסטלערישן צויבער פון וואָרט.

ער איז דער לערער, וואָס ווי מען זאָל מיט אים נישט מסכים זיין, אָבער צוהערן זיך צו אים מוז מען, וואָרים תמיד וועט מען ביי אים עפּעס לערנען.

# דניאל טשאַרני

(צו זיין פופציקסטן געבוירנטאָג)

דער מוזיניק פון דער טאַלענטירטער משפחה, דער יינגסטער פון די דריי ניגער–וולאַדעק–טשאַרני איז שוין אויך אַ בן חמישים. הייסט עס, אַז אַ מוזיניק קאָן אויך זיין אַ פופציקער... ס׳ווערט אַ ביסל קאַלאַמוטנע אויפן האַרץ, ווען מען דערמאַנט זיך, ווי די יאָרן לויפן, ווי דאָס אייזערנע געזעץ פון דער צייט גייט זיך זיין וועג און באַדעקט מיט שניי די קעפּ פון די, וואָס מיר געדענקען זיי אַזוי יונג, וואָס זענען נאָך אייגנטלעך יונג. וואָרים איר וועט דאָך נישט איינרעדן, אַז דערדאָזיקער דניאל טשאַרני, אָדער ווי מען רופט אים אין די ליטעראַרישע קרייזן דאַניע, מיטן שטענדיקן שמייכל אויף די ליפּן, איז אַלט אַ פופציקער. גיכער איז ער יונג פופציק. איז ער דאָך נאָך דער געפּיעשטשעטער, באַליבטער, נישט נאָר אין זיין משפחה, נאָר ביי אַלע, וואָס קענען אים, דער עיקר ביי שרייבער, ביי קינסטלער, ביי אינטעלעקטועלע. דער אַלגעמיינער ליבלינג. ביי אַלע, וואָס קענע׳ אים, און ווער קען אים נישט? ווער האָט זיך נישט באַגעגנט מיט טשאַרנין? ווער האָט מיט אים נישט געהאַט פאַרבינדונגען? ווער האָט זיך מיט אים נישט אַדורכגעשריבן?

איז דאָך דניאל טשאַרני דער ליטעראַט, דער מכניס-אורח. זענען זיינע טירן תמיד געווען אָפן פאַרן יידישן שרייבער אי מאָסקווע, אין בערלין, אין ריגע, אין ווילנע, אין פּאַרי — און וו נישט? ער, דער מכניס-אורח, איז אַליין אָפט אַן אורח, אַן אָנגע לייגטער גאַסט, אַ וואַנדערער — אַ גורל אַזאַ פון אַ געוויסער טייל יידיש-שרייבער. ער איז אָבער אומעטום היימיש, אומעטום אַן אייגענער. אין ערגעץ נישט קיין פרעמדער, קיין זייטיקער,

נאָר תּמיד אין מיטן, אינעם צענטר, ווו ער זאָל נישט זיין. טשאַרני שאַפט תּמיד אַרום זיך אַ סביבה. זיין גרויסע ליבע צו יידיש, צו דער יידישער ליטעראַטור, צו יידישער שרייבער, זיינע פערזענלעכע מעלות ציִען צו צו אים, מאַכן אים נאָענט, באַליבט.

דניאל טשאַרני איז תּמיד געווען אַ פאַרבינדונגס־פונקט. צו אים האָבן זיך געצויגן און ציִען זיך די פעדים פון כמעט דעם גאַנצן יידיש־ליטעראַרישן וועלטל. ער רעדט אַליין אָפט וועגן אַ „יידיש־לאַנד", וואָס איז ברייט און פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, און ער פילט זיך אין דעם היימיש, ער, דער וועלט־בירגער, דער ערנבירגער פון „יידיש־לאַנד", וואָס איז זיין שטאָלץ און פרייד.

דניאל טשאַרני האָט אָנגעהויבן שרייבן לידער אין דער צייט, ווען ביי אונז האָבן זיך צעקלונגען די זילבערנע גלעקלעך פון דער ראָמאַנטיק. יהואש און מאָריס ראָזענפעלד אויף יענער זייט ים, איינהאָרן, אימבער, סעגאַלאָוויטש און טײַלוויין אברהם רייזען — אויף דער זייט, זענען דעמאָלט געווען די אָפיציעלע טאָן־געבער פון דער יידישער פּאָעזיע. צו זייער כאָר האָט זיך פאַראייניקט דניאל טשאַרני, ווי די אַנדערע דיכטער פון יענער צייט. ערשט אין יאָר 1925 האָט טשאַרני אַרויסגעלאָזט זיין ערשט ביכל לידער „לייכטע פערזן". די ערשטע תּקופה פון זיין דיכטונג איז געווען אַ לייכטע, אַ שפּילעוודיקע און זינגענדיקע. די זאָרג־לאָזע יוגנט האָט פון אים אַרויסגעזונגען. ערשט אין יאָר 1930 האָט זיך אין בערלין באַוויזן זיין צווייטע זאַמלונג „אונטערוועגס", ווו מיר באַמערקן טיפערע געפילן, ערנסטערע און שטאַרקערע. טשאַרני איז געוואָרן רייפער, פאַרטראַכטער, קרעפּטיקער. די אַדורכגעלעבטע צייטן האָבן אויף אים געווירקט און באַאיינפלוסט זיין שרייבן.

אַ באַזונדערע נטיה האָט טשאַרני פאַר קינדער־מעשהלעך. ער קומט צום קינד נישט ווי אַ לערער, אָנווייזער, אפילו נישט ווי אַן עלטערער ברודער, נאָר ווי אַ חבר, אַ גלייכער, וואָס חלומט אויס צוזאַמען מיטן קינד זיינע פאַנטאַזיעס. מיט צאַרטקייט, אינ־

טימלעכקייט, באהארצטקייט דערציילט ער זיי זיינע מעשהלעך אין פערזן און אין פראזע, פונוואנען עס קוקט ארויס דאס טיפע מענטש־לעכע, וואס ווארעמט און דערנענטערט.

אט דאס אינטימע, באהארצטע פילט זיך אויך אין זיין גרויס בוך „בארג ארויף" (משפחה־כראניק), ווו טשארני דערציילט אונז מיט אן אומעטיקן שמייכל וועגן זיין שטעטל, עלטערן, ברידער, קרובים, חברים און פירט אונז פאמעלעך אריין אינעם קרייז פון זיינע פערזענלעכע ליידן און איבערלעבונגען. דערביי וויקלט ער פונאנדער פאר אונז א בילד פון חברישע און ליטעראַרישע באַ־ציִונגען, אזוי, אז דאס בוך וואקסט אויס אין א דאקומענט פון אונ־זער צייט און באקומט א קולטור־היסטארישע חשיבות. ער פירט אונז ארויס פון זיין שטעטל אויפן ברייטן שליאך פון גרויסשטאט; פון היימישע מענטשן און פערזענלעכער משפחה־סביבה אין די שווונגפולע און שעפערישע קרייזן פון אונזער מאדערנער קולטור. דער וועג פון א יידישן פאלקס־אינטעליגענט ווערט דורך טשארנין געצייכנט מיט א פיינער פעדער און אלץ איז באהויכט און בא־שיינט מיטן חן פון דער פערזענלעכער דערהויבנקייט. „בארג־ארויף" הייבט אויף דעם פארהאנג פון טשארניס לעבן און אנט־פלעקט א סך זאכן, וואס גיבן אונז א שליסל צום פערזענלעכן מהות פון די ברידער טשארני, ווי בכלל צו אנדערע ליטעראטור־און קולטור־טוער פון אונזער דור.

מיר גייט דא נישט אבער וועגן דעם בוך. ביכער זענען פאר־האן ביי אונז א סך און ס'ווערן יעדן טאג ארויסגעגעבן נייע. דער פאפירענער בארג וואקסט. און אויב ס'איז אונז ווייניק די אייגע־נע, די יידישע, איז פארהאן א גרויסע וועלט־ליטעראטור, וואס לאזט נישט דעם מענטש זיך לאנגווײַלן און באזארגט אים מיט גייסטיקער שפייז. מיר זענען פארזארגט מיט ביכער אויף עטלעכע לעבנס. און כאטש יעדעס גוטע בוך איז אונז נאענט און חבריש, אבער ס'איז דאך פארהאן אזוינס, וואס מ'קאן נישט תמיד געפי־נען אינעם בוך. דער לעבעדיקער מענטש נייטיקט זיך דאך אפט אין א טרייסט־ווארט, אין א פריינטלעכן בליק, אין א ווארעמער

באַציִונג, וואָס דינט אַלס בריק צווישן מענטש און מענטש. נישט קיין פּאַפּירענע בריק, נאָר אַ לעבעדיקע, אַ צאַפּלדיקע. און דאָ איז דער עיקר דער מענטש, און אָט אַזעלכע מענטשן זענען, ליידער, פאַרהאַן ביי אונז געציילטע, צווישן וועלכע טשאַרני פאַרנעמט איינס פון די שענסטע ערטער, אויב נישט אויבנאָן, און אָט דערפאַר אַליין, פאַרן טאַלאַנט צו זיין אַ מענטש, וואָס איז אפשר נישט ווייניקער וויכטיק און נוצלעך אין אונזער סביבה, ווי דער טאַלענט צו שרייבן, איז טשאַרני ווערט געליבט צו ווערן. פופציק יאָר זיין אַ חברישער האַרציקער מענטש ביי אונזערע באַדינגונגען איז באמת אַ זאַך, וואָס דאַרף באַצייכנט ווערן. און מיר ווינטשן דעם פופציקיעריקן נאָך אַ סך, אַ סך יאָרן, געזונטע פרוכטבאַרע, ווייל אין אַזעלכע מענטשן נייטיקן מיר זיך.

# דוד ווארדי

אין די גאָלדענע טעג פון זיין יוגנט האָט דוד ווארדי געהאט די זכיה זיך צו וואַרעמען אין דער זוניקער שיין פון די גרעסטע יידישע ליטעראַטור־גייסטער. ס'האָט אים געצויגן צו דערדאַזיקער סביבה, ער האָט געוווסט איר ווערט, האָט געלעבט איר לעבן און איז געווען פאַרליבט אין איר. און די ליבע איז געווען אַ גליקלעכע, זי האָט באַגעגנט קעגן־ליבע. דאָס האָט באַפרוכפּערט דעם קוואַל פון וואַרדיס שאַפן, דערהויבן און געלייטערט זיינע קינסטלערישע פּאָטענצן.

וואַרדין (דעמאָלט : ראָזענפעלד) האָט אָפּגעגליקט צו קומען קיין אָדעס אין יאָר 1915, די צייט פון דער וועלט־מלחמה. אָדעס איז דעמאָלט געווען אַ צענטער, וווּ ס'האָבן געלעבט מענדעלע מוכר־ספרים, דוד פרישמאַן, ש. פרוג, מרדכי ספּעקטאָר, ח. נ. ביאַליק און אַ ריי אַנדערע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן געשפּילט אַ ראָלע אינעם יידישן ליטעראַרישן שאַפן. ווארדי איז תיכף אַריין אין דער סביבה און האָט זיך דערוואָרבן אַלעמענס סימפּאַטיע און אָנערקענונג. ער איז געוואָרן דער ליבלינג פון דער יידישער באָהעמע אין אָדעס. מען האָט זיך מיט אים אַרומגעטראָגן ווי מיט אַן אבן־טוב, אַ זעלטענעם עקזעמפּליאַר, אַ יקר־המציאות, וועלכן מען האָט געצערטלט און געציטערט איבער אים.

ווארדי דער אַרטיסט האָט זיך געקענט פאַרוואַנדלען אין פאַרשידענע גילגולים, וויציק און שאַרפזיניק אימפּראָוויזירן

און פאַראַדירן כּלערליי טיפּן און עקזעמפּליאַרן פונם קליינ־שטעטל. ער האָט געשאַפן אַ גאַנצע גאַלעריע געשטאַלטן, איל־סטראַציעס און פּאָרטרעטן פונם יידישן פּראָווינציעלן לעבן. מען איז נישט מיד געוואָרן צו זען און הערן ווארדין, בעת ער האָט פאַרגעפירט זיין גאַלעריע. שלום־עליכמס קליינע מענטשע־לעך פון קאַסריליווקע זענען ביי ווארדין אַרויסגעקומען לעבעדי־קע, רעדעוודיקע און זיך־באַוועגנדיקע. נישט פון דער ליטעראַ־טור האָט ווארדי גענומען זיינע טיפּן און געשטאַלטן, ער האָט זיי אַליין אַרויסגעכאַפּט פונם לעבן, אַליין זיי געשאַפן, זיי אַוועקגעשטעלט און געלאָזט רעדן אויף אַ ריין־ווארדישן שטיי־גער. דאָס יידישע קליינשטעטלדיקע לעבן איז גענוג פאַרשידנ־אַרטיק, עס איז נאָך ביז היינט נישט אויסגעשעפּט, פאַרקערט, עס האָט זיך אַריבערגעכאַפּט אין דער גרויסער שטאָט און פּראָ־ווינץ אויך דאָ זיין קליינשטעטלדיקייט. און ווארדי האָט געשעפּט אָן אַן אויפהער פון די לעבנס־געדיכטענישן, זיין שאַרף אויג און וואַכזאַם אויער האָבן זיך צוגעקוקט און צוגעהערט צום יידישן שטייגער־לעבן און עס אַריבערגעטראָגן, אויף דער סצענע אין אַ קינסטלערישן אַספּעקט.

דוד ווארדי האָט אָבער נישט נאָר פאַרגעטראָגן און אַרויס־געפירט די כאַראַקטעריסטישע געשטאַלטונגען, וואָס האָבן זיך אויסגעפאָרמירט ביי אים אין משך פון יאָרן, נאָר האָט דאָ אויפן אָרט אויפגעכאַפּט טיפּן און געשטאַלטן, כאַראַקטעריסטישע העוויות און תּנועות, וועלכע זענען אים פון פריער נישט געווען באַקאַנט. מיטן כּוח פון אימפּראָוויזאַציע האָט ער געשאַפן אַ ריי בילדער און טיפּן, וואָס האָבן אַרויסגערופן באַוווּנדערונג. מיט אַ פיין געפיל פאַר פּסיכאָלאָגיע, מיט פּקחות און מענטשן־קענטשאַפט האָט ער אויפגעכאַפּט מענטשלעכע שוואַכקייטן און זיי פאַר־פיקסירט דורך זיינע אימפּראָוויזאַציעס. ער קען זיך אין איין מאָמענט אַזוי איינלעבן מיטן אימפּראָוויזירטן אָדער פאַראַדירטן טיפּ, אַז ער פאַנטאַזירט אויס מיט אַ זעלטענער פּינקטלעכקייט און צו גלייכער צייט מיט אַ סך הומאָר אָט פּונקט אַזוי, ווי

יענער דאַרף זיין און מוז זיין אין זיין ליכט און שאָטן. יענעמס שפּראַך, יענעמס אַרט רעדן, סטיל און געדאַנק און צוזאַמען דער־מיט קאָמיש פאַרשפּיצט מיט שאַרפזיניקע פאַרגלייכונגען און ענדונגען.

פאַרשטייט זיך, אַז די ערשטע האָט ער פּאַראָדירט די גרעסטע יידישע שרייבער, וואָס אַ דאַנק זייער גייסטרייכקייט און בולטע פּערזענלעכע כאַראַקטער־שטריכן האָבן געגעבן אַ סך אינטערעסאַנטן שטאָף. נאָך היינט, ווען ס'ועגען שוין פאַרלאָפן אַ סך יאָרן נאָכן טויט פון די גרויסע שרייבער מענדעלע, פּריש־מאַן, פּרוג, ספּעקטאָר און אַנדערע, שטעלט זיי ווארדי פאַר ווי לעבעדיקע מיט אַלע זייערע כאַראַקטעריסטישע תנועות און העוויות, מיט דער שטים, מימישע שטריכן, אַרט רעדן און אפילו דענקען.

דער גייסטרייכסטער און פאַרביקסטער איז געווען דוד פּרישמאַן, וועלכער האָט געהאַט אין זיך שאַרפע אויסגעשפּראָכע־נע באַוועגונגען, געטאָקטע זשעסטן און תנועות. אים האָט ווארדי באַזונדערס ליב געהאַט און פּאַראָדירט אים מיט אַ זעלטענער געטרייקייט און ליבע נאָך ביזן היינטיקן טאָג. ווארדין האָט אימ־פּאָנירט פּרישמאַנס פיינשמעקערישקייט, זיין פאַרשטיין אויפן ווונק און ווען, מ'זאָל אויך אים אַזוי פאַרשטיין, זיין פילבאַרע צאַרט־קייט און פיינקייט פון וויץ, דעם לייכטן ספּלין, חריפותדיקע איראָניע און פקחותדיקן מאַך מיט דער האַנט. ווארדי איז טייל־מאָל אַ שטיק דוד פּרישמאַן, וועלכן ער פּילט עמאָציאָנעל מיט אַלע פיבערן פון דער נשמה. ער רעדט אָפט אַליין, פּונקט ווי ס'וואָלט גערעדט פּרישמאַן און נעמט אויף מענטשן און דערשיי־נונגען אויף יענעמס אופן. לויט זיינע אייגענע רייד, פּילט ער אַ מאָדנע התקרבות צו פּרישמאַנען, וועלכן ער הערט נישט אויף צו פאַרגעטערן. דאָס גופא ווייזט אויף אַ גרויסן געשמאַק און קינסטלערישן זין, ווייל פּרישמאַן אַליין איז געווען אַ קונסט־ווערק.

ווארדי אין „הבימה" איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. אַ דאַנק

דוד פרישמאַנס רעקאָמענדאַציע, איז וואַרדי אַנגעקומען אין „הבימה", וועלכע האָט זיך דעמאָלט געהאַלטן אין פאָרמירן. דאָ האָט זיך וואַרדי אַנטפּלעקט אויף נייע געביטן פון סצעניש שאַפן.

„הבימה" איז געווען אַן אַנסאַמבל־טעאַטער, וווּ דאָס הויפּט־געוויכט איז נישט געלייגט געוואָרן אויפן איינציקן אַקטיאָר, אויפן יחיד, נאָר אויפן צוזאַמענשפּיל פונם גאַנצן קאָלעקטיוו. דאָך נישט געקוקט אויף דעם, איז וואַרדי אינם אַנסאַמבל־שפּיל אַרויסגעקומען בולטער און האָט זיך אויסגעטיילט פון זיינע חברים־מיטשפּילער.

זיין קינסטלערישע אינדיווידואַליטעט האָט אַרויסגעשיינט פונם בוקעט אפילו פון די טאַלאַנטפולסטע אַקטיאָרן, וואָס די „הבימה" האָט פאַרמאָגט אין איר אויפבלי־פעריאָד. פונקט אַזוי ווי זיין עלטערער חבר, דער אומפאַרגלייכלעכער מיכאָעלס־וואָפסי אינם מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער, איז וואַרדי תיכף ביי די ערשטע אויפפירונגען פון „הבימה" געוואָרן איינער פון די הויפּט־זיילן פון דער סטודיע און האָט באַקומען פּאָפּולאַריטעט און אָנערקענונג.

דער קאָמיקער און אימפּראָוויזאַטאָר וואַרדי האָט אין דער ערשטער ערנסטער אויפשטעלונג פון „הבימה" אין דוד פּינסקיס „אייביקן ייד" געשאַפן אַן אומפאַרגעסלעכע טראַגישע פיגור פונם אַלטן אַבישי, דער שליח, וועלכער קומט אָנזאָגן דעם חורבן ירושלים. ווער עס האָט איינמאָל געהערט זיין יאָמערדיקן ניגון, וואָס לאָזט זיך הערן איידער ער דערשיינט נאָך אויף דער סצענע, וועט עס אין לעבן נישט פאַרגעסן. אָט אין דעם יאָמער־געוויין איז אָנגעזאַמלט געוואָרן דער טראַגישער צער פון דורות, וועלכן וואַרדי האָט אַזוי מייסטערהאַפט אַרויסגעבראַכט אין אַ ניגון אָן ווערטער. די קלאָג־לידער פונם נביא ירמיהו און פון די שפּעטערדיקע מקוננים, די מחברים פון די תשעה־באבדיקע קינות, האָט וואַרדי פאַרקערפּערט אין זיין מעלאָדיש־שוידערלעכן געברום.

און אויסן סטודיען-אָוונט פון „הבימה", ווו ס'זענען געגאַנגען עטלעכע קלענערע איינאַקטערס, איז שוין וואַרדי געווען אַן אַנדערער. ער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אומגעווייגלעכן קאָמישער פיגור, אַ טיפ פון אַ פריילעכן נודניק, אַ כלומרשטער משכיל, וואָס פאַרמוטשעט מענטשן מיט זיין צערעמאָניעלאָזיקער אַליינפאַרליבטקייט און שוואַכקייט צו אינטעליגענטן. דער דירה-באַלעבאָס פון בערקאָוויטשעס סקעטש „פגע-רע" איז איינע פון וואַרדיס זעלטנסטע קרעאַציעס, וואָס איז געווען דער גרעסטער שלאַגער און הויפט-פונקט פונם „הבימה"-סטודיען-אָוונט.

און שפעטער, בעת וואַכטאַנגאָוו האָט אָוועקגעשטעלט אַנסקיס „דיבוק", האָט וואַרדיס טאַלענט ווידער אויפגעשיינט אינם ערשטן בטלן, וועלכער ווערט ביי אים שיער נישט פאַרוואַנדלט אין אַ מקובל, וואָס רירט אָן די צאַרטסטע, קלאַנגפולסטע סטרונעס מיט זיין פאַרדביקהטן „מפני מה ירדה הנשמה"...

אויך די ראָלע פונם מיראָפּאָלער צדיק אין „דבוק" האָט אין „הבימה" נישט געפונען קיין בעסערן אויספירער פון וואַרדין. די גאַנצע ראָמאַנטיק פון וואָלינער און פּאָדאָליער חסידות האָט וואַרדי פאַרקערפערט אינם רבין עזריאלקע, וועלכער איז ביי אים אַרויסגעקומען מאַיעסטעטיש, כהן-גדולדיק, אומברחמנותדיק, מוראדיק אין זיין צאָרן און דערהויבן אין זיינע רחמים-געפילן.

די „הבימה"-יאָרן זענען אָבער פאַר וואַרדין נישט געווען קיין לאַנגע. שוין אין יאָר 1922 פאַרלאָזט ער די „הבימה" און לאָזט זיך אַוועק וואַנדערן איבער דער וועלט צוזאַמען מיט זיין פרוי, די אַרטיסטין חוה יאָעליט. ער ווערט צוריק פאַרכאַפּט פון זיין פריערדיקן טעטיקייטס-אופן. ער פאָרט אַרום איבער שטעט און לענדער מיט זיינע אימפּראָוויזאַציעס און פּאַראָדיעס, ביז ער באַזעצט זיך אין ניו-יאָרק, ווו ער מאַכט פרוון צו שאַפן אַן אייגן טעאַטער. ער גרינדעט אַ סטודיע, פירט אויף פּאַנטאָמימעס, שטעלט אויף דער ענגלישער סצענע דעם „דיבוק" לויט וואַכטאַנגאָוון. ווען די פרוון צו שאַפן אַן אייגן טעאַטער גיבן זיך

אים נישט איין, נעמט ער ווידער אונטער אַ נסיעה איבער איי-ראָפּע, ווו ער טרעט אויף מיט זיין אייגענעם פּראָגראַם צוזאַמען מיט חוה יאָעליס.

איצט פירט ער אָן מיט אַ טעאַטער-סטודיע „חזון" אין תל-אביב, וואָס דערציט יונגע אַקטיאָרישע כוחות.

# קלאַרא יאַנג

קלאַרא יאַנג — דאָס איז דער פריילינג פון יידישן טעאַטער־ווין יוגנט־חלום.

איר אָנקומען האָט באַטייט אַן איבערקערעניש. אין רעפּער־טואַר, אויף דער סצענע, צווישן אַקטיאָרן, אין זאַל. זי האָט גע־בראַכט מיט זיך פרייד, לעבן, עלעגאַנץ, גראַציע, געשמאַק, ריטם. און — אַ נייעם עולם. מען איז געקומען נישט אין טעאַטער, נאָר צו קלאַרא יאַנג. מען איז געקומען און באַוווּנדערט.

און עס איז געווען אַ ווונדער: ווי קומט אויף די ברעטער פון דער יידישער סצענע אַזאַ זעלטענע בלום.

אויף דער יידישער בינע האָט דעמאָלט געהערשט די גע־שמאַקלאָזיקייט פון דער גאַס. אַ יידישע אָפּערעטע איז געווען אַ געמיש פון געשמאַקלאָזן און איבערגעטריבענעם געוויין, אַ נערוון־צופּעניש, מיט שרעקלעכע פּאַפּירענע גזלנים און ווולגאַרן קיצל־דיקן געלעכטער. אַ יידישע פּרימאַדאָנע איז געקומען אויף דער בינע מיט די ריחות פון קיך. דער עולם האָט זיך נעשמאָלצן אין די פּעטע, נישט צוויי־דייטיקע וויצן און איז אויסגעגאַנגען פון טרערן אויף אומגעלומפּערטע טראַגעדיעס. יידיש טעאַטער איז געווען אַן אָפּקומעניש. די אָפּערעטע איז געווען אַ מין באָד: מען האָט געשמיסן און געפּאַרעט מיט הייסע בעזימער און געקילט מיט אייז־קאַלט מקווה־וואַסער. מען האָט אויף דער בינע אַרויפ־געשלעפּט דאָס בית־המדרש מיט דער ליעזשאַנקע. דאָס בטלנות מיט אויסגעדראָשענע מאָראַלן. ווער עס איז אַהין אַריין, האָט אויף אייביק באַקומען אַן עסטעטישן מאָגן־קאַטאַר. מענטשן מיט אַ פונק פון געשמאַק, אינטעליגענץ, האָבן פאַר טעאַטער געווייכט, וענען געגאַנגען דריי מייל אַרום. די „פינטעלעך ייד” מיט די

„כינקע-פינקעס", די האַפּקעס מיט די באַלאַגאַנישע „פֿאַרבלאָנזשעטע שעפעלעך" האָבן געפּראַוועט זייער שדים-טאַנץ אויף דער יידישער סצענע. ס'איז געווען אַ געדיכטער חושך אין די מוחות און הערצער.

קלאַרא יאַנג איז געקומען ווי אַ ליכט-שטראַל. זי האָט פֿאַרטריבן די געדיכטע פֿינסטערניש, און די סצענע, די אַקטיאָרן, דער עולם' האָט פֿריי אָפּגעאָטעמט. די יידישע אָפּערעטע האָט דורך איר באַקומען אַ תּיקון. זי איז געלייטערט געוואָרן. ס'זענען אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן אַלע פּסולתן. זי איז דורכגעלופֿטערט און גערייניקט געוואָרן פֿון שלעכטן בײ־טעם. פֿון אַ זינלאָזן געמיש, פֿון שלעכט-פֿאַרדייעטער מעלאָדראַמאַטישקייט און נישט-געשטויגענע נישט-געפֿלויגענע אומגעלומפּערטע טראַגעדיעס, איז זי אונטער קלאַרא יאַנגס צויבער געוואָרן אַ פֿריילעכע פֿאַרווײַלונג, אַ קוואַל פֿון לעבן און פֿרייד.

לײַכט און זאָרגלאָז, ווי אַ זומער-פֿייגעלע, האָט קלאַרא יאַנג אַרומגעשוועבט אויף דער סצענע און האָט אַלעמען מיטגעריסן מיט זיך: די אַקטיאָרן, סטאַטיסטן, דעם אָרקעסטער און דעם עולם.

קלאַרא יאַנג האָט פֿאַר זיך נישט געהאַט קיין מוסטער, קיין פֿאָרגייער, דאָס, וואָס מ'רופֿט שולע. זי איז אַליין אַ שולע, אַ הויפּט-פּונקט אויף דער יידישער סצענע.

מיט איר אָנטייל איז די אָפּערעטע דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה פֿון קונסט. אין איר מחיצה איז פֿאַרפּוצט געוואָרן דער שונד.

ס'איז אַלץ אַרום באַנייט און פֿאַריומטובט געוואָרן. אַ נײַער עולם האָט זיך באַוויזן, אַן עולם פֿון אַן אַנדערער וועלט, ביז איצט אַ פֿרעמדער דעם יידישן טעאַטער.

קלאַרא יאַנג האָט די ערשטע אַרויסגעבראַכט די איראָפּעאישע אָפּערעטע אויף דער יידישער סצענע און האָט אין איר געגלאַנצט. אַ סך איראָפּעאישע סוברעטינס זענען געבליבן ווייט הינטערשטעליק.

קיין צווייטע קלאַרא יאַנג איז אויף דער יידישער סצענע נישטאָ. זי איז די איינציקע, די בעסטע.

---

קלאַרא יאַנג איז איר גאַנץ לעבן פאַרבונדן מיטן טעאַטער. זי שטאַמט פון אַ גאַליציאַניש שטעטל (זלאָטשעוו). איר פאָטער איז געווען אַ ייד אַ משכיל, אַן איינציקער זון ביי אַן אַלטן סוחר. דער זיידע איז געזעסן יום-ולילה איבער דער גמרא און די שטיף-באָבע האָט געפירט די קראָם. אַלס פינפיעריק קינד פלעגט קלאַ-ראַ גיין יעדן טאָג אין קראָם נעמען אַ גרייצער (מטבע). האָט אַמאָל געטראָפן, אַז אין אַ זומערדיקן פרימאָרגן איז זי אַ נאַקע-טע און באָרוועסע, כמעט אין איין העמדל געלאָפן אין קראָם צו דער באָבען נעמען דעם גרייצער. פלוצלינג האָט זי זיך אָפגע-שטעלט. איבערן זיידנס קראָם איז געווען אַ בוידעם-שטוב, פונוואַ-נען עס האָט זיך געטראָגן אַ געזאַנג. דאָס קינד איז געבליבן שטיין אַ פאַרפלעפטע. אינדרויסן זענען געשטאַנען אַ סך מענטשן און האָבן זיך צוגעהערט צום געזאַנג.

אויף קלאַראַס פראַגע, האָט די באָבע איר געזאָגט: „דאָס זינגט רחל אַקסלראָד „שולמית".

פון אַנטקעגן, ווו ס'האָט געוווינט איר מוטערס אַ ווייטער קרוב, ר' מרדכי, האָט מען פון קיך געקאָנט אַריינקוקן אין טעאַ-טער און זען, וואָס דאָרטן קומט פאָר. קלאַרא האָט געבעטן ביי דער מוטער, זי זאָל זי לאָזן זען דורך דער טיר דאָס טעאַטער. אויף דעם האָט זי באַקומען דעם ענטפער: „ווער גייט דאָס אין יידישן טעאַטער? שוסטערס, שניידערס, אָבער נישט קיין לייטישע מענטשן".

קלאַרא האָט אָבער דעם גאַנצן טאָג נישט גערוט. ווי אַ פאַרכישופטע איז זי אַרומגעגאַנגען. קוים איז נאָר געוואָרן פינ-סטער, האָט זי זיך אַרויסגעגנבעט און אַוועק אין טעאַטער. צו איר קרוב ר' מרדכי האָט זי מורא געהאַט אַריינצוגיין, מען זאָל זי נישט אָפּשיקן צוריק אַהיים. שטייט זי און וואַרט אין קאָרי-

דאָר, אפשר וועט מען זיך קאָנען אַריינכאַפּן אין טעאַטער. דאָ קומט אָן זייערס אַ שכנטע, אַ מעל-הענדלערקע. זי איז געגאַנגען אין טעאַטער אויף גאַליאַרקע. קלאַרא האָט זיך צו איר צוגעשאַרט, זיך אַריינגעדרייט צו דער שכנטע אין פאַרטוך, און ביי איר זיך געהאַלטן די גאַנצע צייט.

דאָס קינד איז געווען אין זיבעטן הימל: אַ קלייניקייט! אַזוי פיל ליכט, שיינקייט, געזאַנג!

בעת די פאָרשטעלונג האָט זיך געענדיקט, איז קלאַרא דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן געווען אומגליקלעך, מחמת צוויי סיבות: ווייל די פאָרשטעלונג האָט זיך געענדיקט און ווייל זי האָט מורא געהאַט צו קומען אַהיים. די שכנטע האָט זי אָפּגעפירט. אַריינגעלאָזט אין שטוב און אַוועק. אין שטוב איז שוין געווען פינסטער. אַלע זענען שוין געשלאָפן, אָדער זיך געמאַכט שלאָפנדיק. קלאַרא האָט זיך שטיל אַריינגעשלייכט און זיך געפּרוווט אַריינכאַפּן צום טאַטן אין בעט (איר שוועסטער שרה איז געשלאָפן מיט דער מאַמען). פרעגט דער טאַטע, וווּ זי איז געווען. דערציילט זי אים די געשיכטע מיטן טעאַטער. געזען, אַז דער פאָטער מאַכט איר נישט קיין פאָרוווּרפן, דערציילט זי אים וועגן דער פיעסע, די טענץ.

„נו, און ווייטער?" — פרעגט דער פאָטער.

„און ווייטער, און ווייטער!" — טוט אַ געשריי די מאַמע. — „דערווייל שלאָף און ווייטער וועל איך דיר שוין מאָרגן באַווייזן צו גיין אין טעאַטער און נישט זאָגן".

„פון דעמאָלט אָן" — דערציילט קלאַרא יאַנג, — „איז נישט אַוועק קיין איין מינוט אין מיין לעבן, אַז איך זאָל נישט טראַכטן וועגן טעאַטער".

---

אַזוי איז קלאַרא יאַנג פון איר פריסטער יוגנט צוגעבונדן געוואָרן צום יידישן טעאַטער, אָנהייבנדיק פון קליינעם גאַליצישן שטעטעלע, וווּ זי איז געווען בלויז אַ צוזעערין. שפּעטער האָבן

זי די אומשטענדן געבראַכט קיין אַמעריקע. דאָרטן האָט זי אָנגע-
הויבן באַזוכן די דראַמאַטישע שולע פון אַרטיסט פײנמאַן. נאָכ-
דעם האָט זיך אָנגעהויבן איר וואונדערלעכע אַרטיסטישע קאַריערע,
אַ רייכע אין טריאומפן און געשעענישן. איבער דער גאַנצער נייער
און אַלטער וועלט. אין די יידישע קיבוצים פון אַלע לענדער איז
זי באַרימט און באַליבט געוואָרן, האָט באַקומען אַן אומגעהייערע
פּאָפּולאַריטעט. ווער עס האָט זי איינמאָל געזען, האָט שוין קיינ-
מאָל נישט פאַרגעסן די כּישופדיקע, וואונדערלעכע קלאַראַ יאָנג.

# לייענענדיק משה נאַדיר
(רעפלעקסן)

משה נאַדיר האָרכט זיך צו צום קלאַנג פון גאָלדענע רענד־לעך. כאַפּט ער אויף דעם קלאַנג און פאַרוואַנדלט אים אין גאָל־דענע רענדלעך, וועלכע ער צעוואַרפט מיט א ברייטער האַנט, ווייל ער דאַרף נישט די רענדלעך, נאָר דעם דינעם קלאַנג, וועלכן ער האָט אַזוי ליב.

* * *

האָט ער געברענגט מיט זיך אַ ראָמאַנטיש שלייערל פון זיין גאַליציש שטעטעלע, פאַרוויקלט ער אין אים די ניו־יאָרקער וואָלקנקראַצערס און אַליין באַהאַלט ער זיך (פונם שלייער) אין דער ליטעראַרישער קאַפע, וווּ ער רייכערט זיין ליולקע, טרינקט ביטער־טיי און פאַרבייסט מיט פּאַראַדאָקסן.

* * *

ער איז געבוירן מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן און — מיט קנייטשן אויף די ווינקלען פון אַ קלוגן שטערן. וואָס ברייטער עס צעגיסט זיך דער שמייכל — אַלץ טיפער קנייטשן זיך די שטערן־ווינקלען.

* * *

און אפשר איז משה נאַדיר מער נישט, ווי אַ טאַלאַנטפולער קיבעצער. זיין קיבעצעריי איז אָבער אַ וועלט־אַנשויאונג, אָדער

ווי נאַדיר אַליין וואָלט געזאָגט: די קיבעצעריי פון דער וועלט־
אָנשויאונג־קיבעצעריי...

* *

*

ער איז רעוואָלוציאָנער אין זיינע באַהויפּטונגען און סקעפּ־
טיש אין זיין רעוואָלוציאָניזם.

* *

*

משה נאַדיר נעמט נישטיקייטן און הויכט אין זיי אריין לעבן, טוט זיי אָן אין יום־טובדיקע בגדים און באַפעלט זיי זיך דורכצושפּאַצירן צווישן די וויכטיקסטע וויכטי־קייטן פון דער וועלט. און אַז די נישטיקייטן קו־מען צווישן די וויכטיקייטן, זעט מען ווי נישטיק די וויכטיקייטן זענען.

נעמט ער די וויכטיקייטן פון גאַר־דער־וועלט און ציט אַרויס דעם ווייטן פאָדעם (טראַקל) און די וויכטיקייטן הייבן זיך אָן פונאַנדערצושיטן אויף אַלע נעט, אַזוי, אַז סע בלייבט פון זיי גאָרנישט.

* *

*

אין די עטלעכע ביכער פון משה נאַדיר בלעטער איך פון אָנהייב צום סוף און פונם סוף צום אָנהייב (זיינס אַ שפּיצל) און עס וואַרפן זיך דורך אַ רעכט ביסל באַנאַליטעטן (פּרוכט פון ציי־טונג־שרייבעריי), נאָר אין דעם סאַמע באַנאַלן וואַרפט זיך דורך אַ שטראַל פון שאַרפזין, אָריגינעלן, משה־נאַדירשן. און ס׳איז שווער, זייער שווער אַוועקצולייגן פון האַנט אַ בענדל משה נאַדיר, אפילו שוין נאָכן דורכלייענען, פשוט, עס ווילט זיך לייענען נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל און א. וו.

* *

*

איבעררעאַשנד : אַן עכט קינד פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט (אַ נישאר פונם 19-טן פיען דע-סעקל), איז ער אַזוי אוממיטלבאַר, אָפּטמאָל אפילו דאָרפיש-פּקחדיק. און איבער אַלץ שטייגט ביי אים אַריבער דער ביטול. מ'שטיינס געזאָגט, וואָס ? אַז מ'לעבט אָפּ די 80-90 יאָר איז מען שוין אויס קאַפּעלוש-מאַכער, און דער טויט ווינקט מיטביידע הענט, אויב ער איז נישט געקומען שוין מיט אַ רעכט ביסל יאָרן פריער.

און דעריבער האַלט נאַדיר, אַז מען דאַרף לעבן 24 שעה אַ מעת-לעת, נישט ווייניקער אַ האָר. און דערפאַר איז ער קעגן מלחמות, וואָרים דאָס לעבן איז נישט זיינס, און טאָמער וועט די ג אָ ט ה יי ט „זיך הייסן צוריקגעבן דאָס לעבן און כ'וועל עס נישט האָבן ב יי ז י ך , וועט זיך טון חושך"...

האָט ער עס טאַקע זייער ליב, דאָס לעבן, — און לאַכט זיך גוט אויס דערפון, מאַכט דערפון חוזק אויף טריט און שריט.

* *

*

און דאָך איז משה נאַדיר אַ שרייבער פאַר אינטעליגענטן, ווייל אויב ער לאָזט זיך פיל מאָל אַראָפּ און שפּאַסט אין באַנאַלע זאַכן מיט באַנאַלע מיטלען, הייבט ער זיך דאָך אָפּט אַרויף אַזוי הויך און נעמט מיט זיך דעם לעזער, שפּרינגט מיט אים צוזאַמען אַריבער איבער בערג און פאַלט מיט אים צוזאַמען אין די גרינע מיט דופט געשפּרייטע נאַדירישע טאָלן.

* *

*

אין אַ שפּראַך-קינסטלער איז ער, ווי זייער ווייניקע. אפשר איינער פון די שפּראַך-קינסטלערישסטע שפּראַך-קינסטלער. זיין שפּראַך איז פליסיק, דער סטיל — פריש און געטאָקט, דער ז...ץ — שפּילעווודיק און גראַציעז.

* *
*

אַזוי, כּלאחר־יד, מיט אַ פוכיקער לייכטקייט שוועבנדיק און זיך שפּילנדיק, איז ער אַן א ו י ס ט ר אַ כ ט ע ר פאַר זיך, ווי פאַרן לעזער. און דווקא בעת ער וויל אייך איבּערצייגן אין דער אויסגעטראַכטקייט, גלייבּט איר בּאמונה שלמה, אַז זיי זענען דורכאויס אמת און ריכטיק.

(„נייע צייט", ריגע, 1923).

# מאָריס שוואַרץ

(ערב דער אויפפירונג פון „יאָשע קאַלב״)

מאָריס שוואַרץ איז אין וואַרשע. ער גרייט זיך צו באַווייזן אויף די בינע-ברעטער איינע פון זיינע אויפפירונגען. דערצו איז שוואַרץ באַפליגלט מיט גרויסע פּלענער וועגן דעם יידישן טעאַטער אין פּוילן און בכלל אין אייראָפּע. מאָריס שוואַרץ האָט שוין נישט איינמאָל באַוויזן וואונדער אויף דער יידישער סצענע נישט בלויז מיט זיינע אויפפירונגען און קרעאַציעס, נאָר מיט זיין איניציאַטיוו, ענערגיע, גרויסן פאַרנעם און כוח צו שאַפן אַ יש-מאין. אין דעם סאַמע ירידה-פּעריאָד פון דעם יידישן טעאַטער אין אַמעריקע איז ער צו דער אַלגעמיינער באַוואונדערונג אַרויס מיט זיין קונסט-טעאַטער, וואָס איז געווען אַ רעוואָלוציע אינם יידישן טעאַטער-וועזן אין אַמעריקע. יאָרנלאַנג האָט זיך דאָס טעאַטער געראַנגלט פאַר זיין עקזיסטענץ, עס איז געפאַלן און זיך ווידער אויפגעהויבן, זיך געלאָשן און צוריק אויפגעשיינט. אין צייטן, ווען מ׳האָט שוין קיין שום האָפענונג און אויסזיכט נישט געזען פאַרן ערנסטן טעאַטער, האָט שוואַרץ פּלוצלינג אויפגעטויכט און ווידעראַמאָל געשפּילט און ווידעראַמאָל באַוויזן, אַז מ׳קאַן נאָך אַ סך אויפטון אויף דעם געביט. איצט וויל שוואַרץ פאַרווענדן זיין גרויסע ענערגיע און קינסטלערישן טעמפּעראַמענט אויף דער יידישער סצענע אין פּוילן.

כ׳וויל דאָ פּרווון איבערגעבן עטלעכע איינדריקן פון מאָריס שוואַרצס טעאַטראַלישן מהות לויט אַ טורנע-פּראָגראַם, מיט וועלכן ער איז מיט עטלעכע יאָר צוריק אַרומגעפאָרן איבער

אייראָפּע. ווייל אין קיין גאַנצער ראָלע האָב איך שוואַרצן נישט געזען. ער איז דעמאָלט אַרויסגעטרעטן אָן גרים, אָן דעקאָראַציע, אָן קאָסטיומירונג, בלויז אינם פראַק אויף דער עסטראַדע.

באַזונדערס האָט מאָריס שוואַרץ אויסגענומען אין זיין טורנע-פּראָגראַם מיטן „קלעזמערס טויט" פון י. ל. פּרץ. און דאָס איז אין אַ גרויסער מאָס געווען כאַראַקטעריסטיש פאַרן קינסטלער. דער קלעזמער איז דאָך דער אורשפּרינגלעכער יידישער פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָר. ער איז געווען דער פריילעך-מאַכער — אָן אים איז דאָך נישט פאַרגעקומען קיין שום שמחה. אויף חתונות, אויף בריתן און אויף פאַמיליען-שמחות, האָט מען געדונגען קלעזמערס אויף צו באַשיינען די שמחה. ס'זענען געווען גאַנצע קלעזמער-משפּחות, וואָס פון זיי איז באַשטאַנען די „קאַפּעליע", דינאַסטיעס זענען זיי געווען, ווו די פּראָפעסיע איז איבער בירושה פון קינדער צו אייניקלעך, פון דור צו דור. דער קלעזמער איז געווען דער ערשטער יידישער טעאַטראַל, ער איז געווען דער בדחן-מעמע-מענטש, ווען מ'האָט אַ סך מוחל-געווען. ער האָט גענומען אַ ביסל בראָנפן (אויף „אָנשמירן" דעם סמיטשיק) און קיינער האָט אים דערפאַר נישט געטאַדלט. זייער ווייניק ווערק זענען פאַראַן אין דער שיינער יידישער ליטעראַטור געווידמעט דעם יידישן קלעזמער. דאָס גאַנצסטע און גרעסטע ווערק איז שלום-עליכמס „סטעמפּעניו". דער חזן, וואָס קאָן אויך פאַררעכנט ווערן צו די ערשטע יידישע טעאַטראַלן, איז מחויב געווען זיך צו האַלטן אין געוויסע אָנשטענדיקייטס-ראַמען. דער קלעזמער אָבער איז געווען אַ פריי פייגעלע. די פאַרגליווערטע אָרטאָדאָקסישע יידישקייט האָט אויף אים אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. מען האָט זיך אָבער אָן אים נישט געקאָנט באַגיין. ער האָט מיט זיין שפּילן באַשיינט אַלע שמחות. וואָס וואָלט, למשל, געווען אַ יידישע חתונה אָן דעם קלעזמער?

מאָריס שוואַרץ אין פּרצס „קלעזמערס טויט" האָט געפּרווט איבערגעבן דעם תוך פונם ערשטן יידישן טעאַטראַל אין זיינע סקאַרבאָווע, צאַרטע, פידלדיק-יאָמערדיקע טענער. ער האָט

דאָס געטאָן מיטן סאַרקאַזם פון אַ שכיב־מרע, פון אַ מענטש, וואָס שטייט אויף דער שוועל פון יענער וועלט, מיט דער אייגנאַרטי־קייט פונם אַלטן קלעזמערס צוואה צו זיינע זין־יורשים, וועלכע ער מוסרט, זידלט מיט דער גרעסטער ליבע, — אָט אין דעם אַלע־מען איז קינסטלעריש פאַרקערפּערט אַ שטיק פאַרגאַנגען לעבן, וועלכעס מיר באַגעגענען שוין מער נישט. שוואַרץ האָט מיט זיין פאַרגראָמעווען און באַאַרבעטן פּרצס „קלעזמערס טויט" אים פאַר־בדחנאָניזירט, אָבער צוגלייך דערמיט אַרטיסטיש פאַראייביקט די יידישע באָהעמע פון פאַרגאַנגענע דורות.

דער יידישער אַקטיאָר, דער פאָלקס־אַקטיאָר, איז אַן אָפּ־שפּליטערונג פונם אַמאָליקן קלעזמער. דער פּורים־שפּילער איז גע־ווען אַ דילעטאַנט, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט, איז געוואָרן אַן אַקטיאָר איינמאָל אין יאָר. אַ גאַנץ יאָר איז ער געווען אַ שוס־טער, אַ שניידער, אַ בעלפער, פּורים — אַן אַקטיאָר; דער קלעז־מער איז אָבער תמיד געווען דער פּראָפעסיאָנאַל, צו יעדער צייט גרייט צו שפּילן. מיר האָבן נאָך היינט אַ רייע זייער באַגאַבטע מוזיקער, וואָס שטאַמען אָפּ דירעקט פון אַמאָליקע קלעזמער־די־נאַסטיעס. דער קלעזמער האָט געהאַט זיינע אייגענע מאַרשן, מאָ־טיוון, ניגונים און דריידלעך, וואָס האָבן געריררט הערצער. ס׳זע־נען געווען צווישן די אַמאָליקע קלעזמער אמתע ווירטואָזן, גרוי־סע קינסטלער, וועלכע מ׳פלעגט אפילו פאַררופן צו שפּילן אין פּרי־צישע הויפן.

אָט דעם ערשטן יידישן טעאַטראַל־און באָהעמע־מענטש, וועלכן פּרץ און שלום־עליכם האָבן פאַראייביקט אין דער ליטע־ראַטור, האָט מאָריס שוואַרץ געשטעלט אַ טעאַטראַלישן מאָנו־מענט. שוואַרץ האָט אים דערפילט מיט זיינע שאַרפע, טעאַטראַ־לישע חושים. ער איז אַליין איינער פון די געבענטשטע יורשים פונם אַמאָליקן קלעזמער... נישט אומזיסט פאַרנעמט די מוזיק אַ גרויס אָרט אין אַלע זיינע אויפפירונגען. דערצו איז ער אַליין אַ מנגן און כמעט פאַר אַלע קאָמפּאָזיציעס צו זיינע אויפפירונגען גיט ער די הויפּט־מאָטיוון.

שוואַרץ איז אַ פאָלקס-אַקטיאָר פון ברייטער פאָרמאַציע. דאָס זעט מען בולט אַרויס פון זיין נטיה צו מעלאָדעקלאַמאַציע, וואָס וואָרצלט אין נאַאיווער פאָלקסטימלעכקייט.

אָבער דאָס איז בלויז איין שטריך און מיר דאַכט זיך — זייער אַ וויכטיקער אין דער דערשיינונג מ אָ ר י ס  ש וו אַ ר ץ.

# פרץ הירשביין

(צו זיין פופציקסטן געבוירנטאָג)

פרץ הירשביין האָט אָנגעהויבן זיין דראַמאַטישע טעטיקייט מיט פיעסן פונם אָרימען יידישן לעבן, אין וועלכע עס איז גע־קומען צום אויסדרוק דער עלנט און די אומבאַהאָלפענע נויט פון די קעלער־שטיבער. אמת, די דראַמאַטישע קאָנפליקטן זענען געווען שוואַכע, נישט קיין טיפע, די צוזאַמענשטויסן זענען מער געווען רייבונגען און קאָנפליקטן. עס האָבן זיך אָבער באַקומען כאַראַקטעריסטישע בילדער פון דער יידישער אָרימקייט, פון די לעבנס־באַדינגונגען, אין וועלכע עס קומט אויס צו לעבן די גרוי־סע פאָלקס־מאַסן. זיינע דראַמעס האָבן מער דערוועקט רחמנות צו די העלדן, איידער מיטגעפיל צו זייער קאַמף. ער האָט נישט אויפגערודערט, נישט אויפגעברויזט געפילן, נישט גערופן צום קאַמף און צו אויפשטאַנד. ווייל הירשביין איז נישט קיין קעמפער, נישט קיין אויפמונטערער און וועקער, נישט קיין צאָרן־און פראָ־טעסט־דיכטער, נאָר אַ שילדערער, אַ מאָלער, וואָס האַלט דעם פענזל און די פאַליטרע, קלייבט צו פאַרבן און טענער און גיט דאָס איבער אויף דער לייוונט.

און אַ מאָלער איז הירשביין, וואָס ווערט באַהערשט דאָס רוב פון שטימונגען, וואָס פאַלט אריין אין חלומות און וויזיעס, וועלכע זענען ווייט פונם רעאַלן לעבן מיט זיינע אַלטעגלעכע דאגות, וויטיקן, אומגליקן, מיספארשטייענישן, האַוועניש און יאָגעניש.

האָט הירשביין זיך באַלד געוואָרפן אויף אַן אַנדער געביט

פון ליטעראַרישן שאַפן, איז באַהערשט געוואָרן פון די שטרעמונ־
גען אין דער דעמאָלט־מאָדערנער רוסישער ליטעראַטור, וועלכע
איז געשטאַנען דאָס רוב אונטער דער השפעה פון מעטערלינקן מיט
זיין מיסטישער שטימונגס־פּאָעזיע.

אין די רעוואָלוציע־יאָרן פון 1905, בעת די יידישע אינטע־
ליגענץ האָט זיך דערנענטערט צו די יידישע מאַסן און אונזערע
שרייבער האָבן זיך אָנגעהויבן צוצוקוקן צום קאַמף, וואָס קומט
פאָר אויף דער יידישער גאַס, האָט פּרץ הירשביין אָנגעשריבן
זיינע רעאַליסטישע דראַמעס „וויטע און נאָענטע" און די „נבלה".
שפּעטער אָבער, ווען עס איז געקומען די רעאַקציע און די גאַנ־
צע אינטעליגענץ איז אַריינגעפאַלן אין יאוש־שטימונגען, עס האָט
זיך אָנגעהויבן דער אָפּגאַנג (ווער עס האָט זיך גענומען בויען זיין
פּערזענלעכע קאַריערע, ווער עס איז אַריינגעפאַלן אין מיסטישע
שטימונגען, ווי א. ווייטער און טײַלוויז י. ל. פּרץ, וואָס האָבן
צוריקגערופן צו דער שול, צום סידור און תהילימל...), איז אויך
הירשביין פאַרכאַפּט געוואָרן פון די ירידה־שטימונגען, כאָטש ביי
אים האָט עס אָנגענומען אַנדערע פאָרמען. דער פועל־יוצא דער־
פון זענען אַזעלכע דראַמעס און איינאַקטערס, ווי „דער תקיעת
כף", „איינזאַמע וועלטן", „אויף יענער זייט טייך" און אַנדערע,
וואָס זענען דורכגעדרונגען מיט אינטעליגענטישע מיסטישע שטי־
מונגען און אומעט.

אמת, אויך אין הירשביינס פריערדיקן שאַפן, ווי בכלל אין
דער ליטעראַרישער טעטיקייט פון רוב יידישע שריפטשטעלער
אין יענער צייט, האָט זיך נישט אָפּגעשפּיגלט דער קאַמף פון
די יידישע מאַסן. עס האָט זיך אָבער געפילט אַ טענדענץ פון
דערנענטערונג, באַזונדערס אין די „וויטע און נאָענטע" (הירש־
ביינס ערשטע דראַמע אויף יידיש), ווו ער האָט געזוכט צו באַ־
לייכטן דאָס יידישע לעבן אין די קעלער־שטיבער. האָט הירש־
ביין די ערשטע צייט געשילדערט דעם גרויזן לעבנס־שטייגער
פון דער יידישער אָרימקייט, פאַר וועלכע ער האָט געפונען אַ
סך האַרציקע טענער, און איז שפּעטער אַריבער צו דער מיסטי־

שער און סימבאָלישער דראַמע, אין וועלכע ער האָט מער אויסגעדריקט יחידישע שטימונגען און חלומות און איז געווען ווייט און אָפּגעריסן פונם לעבן. סיי דאָ, סיי דאָרטן האָט הירשביין געבלאָנזשעט, ער האָט נישט געפונען זיין „איך", ער איז צוגלייך ווייט געווען פון דער נעבעכדיקער אָרימקייט און פרעמד פון די אָנגעווייטע מעטערלינקישע און אַנדרעיעווישע שטימונגען, וואָס האָבן אים צייטווייליק פאַרכאַפּט. הירשביין איז טאַקע בטבע אַ בעל־חלומות, אַ שטימונגס־דיכטער, ער איז אָבער דורכגעזאַפּט מיט פאָלקסטימלעכקייט, מיט צאַרטער ווייכקייט, געמיטלעכקייט און מיט ליבע צום פאָלקס־מענטש.

און אָט האָט הירשביין מיט דער צייט זיך באַפרייט פון דער געפאַנגענשאַפט און האָט געשאַפן אַ ריי ווערק, וואָס האָבן באַצירט די יידישע בינע. ער האָט באַרייכערט די יידישע סצענע מיט פאָלקס־שפּילן, מיט פּיעסן, וואָס זענען דורכגעדרונגען מיט דער אידילישער שיינקייט פון דאָרף, פון גרינע שמעקעדיקע פעלדער, פון שפּראָצנדיקע מחיהדיקע גראָזן, פונם רחבותדיקן ישוב. און זיינע באַליבטע טיפּן זענען געוואָרן די געזונטע, קערנדיקע דאָרפס־יידן, די פּרימיטיווע נאַטור־קינדער, די פאָלקס־מענטשן, וואָס זענען אוממיטלבאַר אין זייער לעבן און האַנדלונגען. געזונטע און באַוועגלעכע יידישע מיידלעך און בחורים, וואָס דאָס דאָרף און דער ישוב האָט דערצויגן, מיט קאָכעדיק בלוט אין די אָדערן. דאָס זען מיר אין זיינע פּיעסן „אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל", „גרינע פעלדער", „דעם שמידס טעכטער" א. אַ.

אָט דאָ אין די פּיעסן האָט הירשביין געפינען זיך. עס זענען נישט קיין דראַמעס, נישט קיין טיפע פּסיכאָלאָגישע איבערלעבונגען, אָדער באַהאַנדלונגען פון פּראָבלעמען, נאָר שטילע אידיליעס פונם דאָרפישן לעבן, פון דער ליכטיקער רחבות פון גרינע פעלדער, וועלדער און לאָנקעס, דער פרישער מחיהדיקער ריח פון דער נאַטור. און די מענטשן זענען דורכגעזאַפּט און אָנגעזעטיקט מיט די רייכע נאַטור־ריחות. נישטאָ קיין גרויסע קאָנפליקטן, נישטאָ קיין אויפרייסן, קיין שווערע קאַמפן, קיין שטאַרקע

דראַמאַטישע איבערלעבונגען. עס קומען נאָר פּאָר מיספּאַרשטייע־
נישן, עקשנותן און רייבונגען, ווי צווישן אַן אייגענער משפּחה,
וואָס סוף־כל־סוף קלערט זיך אַלץ אויף און עס ווערט שלום־ושלוה.
אין הירשביינ׳ס פּיעסן זענען כּמעט נישטאָ קיין שלעכטע מענטשן.
עס זענען נאָר פאַרהאַן שוואַכקייטן, נישטאָ קיין גרויסע אינטרי־
גאַנטן, אָדער עקספּלאָאַטאַטאָרס, נאָר אַלע שטרעבן צו גוטס, רוי־
קייט און פרידלעכקייט.

פּרץ הירשביין האָט נישט נאָר געשאַפן פּיעסן פאַרן יידישן
טעאַטער, נאָר ער האָט אויך געשאַפן דאָס טעאַטער גופא. אין
די יאָרן 1909–10 האָט ער אָרגאַניזירט אַן אייגן טעאַטער, די
באַרימטע „הירשביין־טרופּע״, וועלכע איז געווען דער ערשטער
פּרווו צו שאַפן דאָס ריינע, אייראָפּעאישע יידישע טעאַטער. די
„הירשביין־טרופּע״ איז אַ גרויסע דאַטע אין דער געשיכטע פונם
יידישן טעאַטער. דאָס איז געווען די פאָרגייערין פון דער שפּע־
טערדיקער „ווילנער טרופּע״, וועלכע איז געווען שטאַרקער אין
קינסטלערישע כּוחות און האָט געהאַט גרעסערע מעגלעכקייטן.
פּרץ הירשביין האָט זיין טרופּע צוזאַמענגעשטעלט פון ליבהאָבער,
וואָס זענען מיט לייב און לעבן געווען איבערגעגעבן דער אידעע
פון שאַפן אַ יידיש קינסטלעריש טעאַטער. דאָס איז געווען דאָס
ערשטע יידישע טעאַטער, וווּ עס זענען אויפגעפירט געוואָרן בלויז
די ווערק פון די בעסטע יידישע דראַמאַטורגן, ווי שלום־עליכם,
אַש, פּינסקי און פון הירשביין גופא.

הירשביין האָט אָנגעפירט מיטן טעאַטער, האָט אַליין גע־
שפּילט, רעזשיסירט, געטון אַלערליי שוואַרצע אַרבעט, אַבי
אויסצוהאַלטן דאָס טעאַטער, וווּ עס איז געווען אַן אידעאַלע באַ־
ציִונג צום ריין־קינסטלערישן רעפּערטואַר און שפּיל. דעם טעאַ־
טער איז אויסגעקומען איינגיכן זיך צו פאַרמאַכן. פאַרשידענע סיבות
האָבן דערצו גורם געווען. די „הירשביין־טרופּע״ האָט זיך אויפ־
געלייזט אין האַרבסט פון יאָר 1910 אין דווינסק.

פון דעמאָלט אָן האָט זיך פּרץ הירשביין מער נישט אָפּ־
געגעבן מיט פּראַקטישער טעאַטער־אַרבעט. ער האָט אָבער נישט

אויפגעהערט צו שאַפן פאַרן טעאַטער אַ ריי ווערטפולע פיעסן, וואָס האָבן באַרייכערט דעם יידישן רעפּערטואַר מיט דער מאָלע־רישקייט פון זייערע פּייזאַזשן, מיט אַ ספּעציפיש־יידישן קאָלאָריט, מיט שטימונגספולער אידיליע און מיט פאָלקסטימלעכן הומאָר פונם יידישן דאָרפס־מענטש.

# מיכאל יאָ

(צו זיין אויסשטעלונג)

אין די ריגער יידישע ליטעראַרישע און קינסטלערישע קרייזן פאַרנעמט מיכאל יאָ אַן אייגנאַרטיק און צענטראַל אָרט, באַזונדערס אין לעצטן צענדליק יאָר, ווען ס'האָט זיך מער־ווייניקער אויסגעפאָרמירט און באַקומען אַ שטיקל פּרצוף דער לעטלענדיש־יידישער קיבוץ.

מיכאל יאָ איז אַ מערקווירדיקע דערשיינונג אויפן ריגער יידישן האָריזאָנט. נאָך אַלס קינד איז ער געקומען פון זיין געבוירן־שטאָט וויטעבסק אין דער פּרעמדער, מחוץ־לתחום־המושבדיקער ריגע, וווּ ער האָט זיך גענוג אָנגעליטן מאַטעריעל און גייסטיק. אַלערליי עבודה־זרהס האָט ער אויסגעדינט, אָנגעהויבן פון זייגערמאַכעריי און דערנאָך — אַנדערע מלאכות. ער האָט געזונגען אין כאָר פון באַרימטן חזן ראָזאָווסקי און שפּעטער, נאָך אַלס יונג בחורל, האָט ער זיך אַריינגעצויגן אין אַ ליבהאָבער־טרופּע, וווּ מ'האָט געשפּילט כמעט דעם עכט־יידישן רעפּערטואַר פון יענע יאָרן. מיכאל יאָ איז געווען דער רוח־החיים פון אָט דעם ליבהאָבער־קרייז, ער האָט זיך אַריינגעטון אין טעאַטער מיט לייב און לעבן. זייער פרי האָט ער אָנגעהויבן צו שרייבן און אָפּגעדרוקט אַ דערציילונג אין אַ ריגער רוסישער צייטונג. אויך די מאָלעריי האָט אים פאַרכאַפּט אין זיין פריער יוגנט. הונגערנדיק און זיך מאַטערנדיק, האָט יאָ פון דער פריסטער יוגנט אָן זיך געוואָרפן פון כאָר־געזאַנג צום טעאַטער, צו ליטעראַטור, צו מאָלעריי און אומעטום האָט ער אַרויסגעוויזן זעלטענע פעיקייטן און אַ סך ענערגיע. אָט די ענערגיע, דער זעלבסטבאַוווּסט־

זיין און גלויבן אין די אייגענע כּוחות, האָט אים אָפּט אַרויסגע-פירט אויפן ברייטערן שליאַך.

בעת דער וועלט-מלחמה ווערט ער מאָביליזירט, אָפּגעשיקט אויפן פראָנט, פאַרוואונדעט. לאַזאַרעטן, אַרומוואַנדערן, און ענד-לעך — די באַפרייאונג און צוריקקער קיין ריגע.

און דאָ הייבט זיך אָן אַ נייע תּקופה אין זיין לעבן און אַרבעט. אינעם קולטור-לעבן, וואָס שאַפט זיך אויפן זעלבשטענדיקן חשבון פונעם ניי-געשאַפענעם קיבוץ, פאַרנעמט מיכאַיל יאַ איינס פון די חשובסטע ערטער. אין משך פון די לעצטע צען יאָר איז כּמעט קיין שום ערנסטע קולטור-געשעעניש נישט געמאַכט געוואָרן אָן זיין אָנטייל. אַ נייע צייטונג, אַ זשורנאַל, אַ ליטעראַרישע זאַמלונג, אַ פאַראייניקונג פון ליטעראַרישע כּוחות — אומעטום איז יאַ איינער פון די הויפּט-זיילן. ער צייכנט שער-בלעטער, מאַכט שאַרזשן, ער שרייבט אַרטיקלען, אָפּהאַנדלונגען, רעצענ-זיעס, אומעטום טראָגט ער אַריין אימפּעט, שאַפט אַליין און צווינגט אַנדערע צו שאַפן.

זינט ס'איז געשאַפן דאָס יידישע געזעלשאַפטלעכע טעאַטער, איז יאַ געווען דער באַשטענדיקער דעקאָראַטאָר. ער האָט זיך אָבער נישט באַנוגנט בלויז מיט דער קינסטלערישער אַרבעט, נאָר האָט אויך געקעמפט פאַר דער פאַרפיינערונג, פאַרבעסערונג פונם טעאַטער קעגן אַלע פאַרדאַרבער און פאַרפלאַכער. נישט איינמאָל איז אים אויסגעקומען אַרויסצוטרעטן מיט זיין שאַרפער פעדער און קאָכעדיקן טעמפּעראַמענט אין קאַמף פאַרן בעסערן טעאַטער. נישט ווייניק שונאים האָט ער זיך געשאַפן פאַר זיין גראָדליניקייט, אָפנהאַרציקייט און שאַרפקייט. יאַ ווייסט נישט פון קיין מיטן: ער איז תּמיד פעלזנפעסט, אויסגעשפּראָכן און גייט מיט פעסטע טריט צו זיין ציל. ער ווייסט נישט פון קיין סענטימענטן און פון ליריי-שע אָפּנויגן, ער איז שטענדיק ראַציאָנעל, צילבאַוווסט און נישט בויגזאַם. ער טוט קיינמאָל נישט אָן קיין ווייסע הענטשקעס, באַ-זונדערס ווען עס האַנדלט זיך וועגן טעאַטער, ליטעראַטור, קונסט. אַ מענטש מיט אַ [illegible], קינסטלערישן געשמאַק און אַ גע-

זונטן חוש פאַר עכטקייט אויף די אַלע געביטן, לאָזט ער קיינמאָל נישט אַראָפּ קיין „קוצו־של־יוד" און איז תּמיד גרייט צו גיין ביזן סוף אויף צו פאַרטיידיקן קינסטלערישע עכטקייט און געשמאַק, אָדער בעת ער טאַדלט פלאַכקייט און דילעטאַנטיזם. אמת, אָפּט־מאָל ווערט ער צו פערזענלעך און פאַלט אַריין אין עקסטרע־מען, מחמת זיינע אינדיווידועלע אויפפאַסונגען, אָבער תּמיד איז ער עכט און אויסגעהאַלטן אפילו אין זיין עקשנות.

און עקשנות פאַרמאָגט יאָ אַ רעכט ביסל. אפשר איז דאָס דער ווייטערדיקער דראַנג פון זיין ענערגיע־קוואַל, וואָס האָט אים באַוויזן אַרויסהייבן זיך פונם לעבנס־זומפּ און זיך שטעלן אין די ערשטע רייען פון גייסט־מענטשן, פון ליטעראַטן און קינסטלער.

זיין עקשנות האָט אים אַרויפגעפירט אויפן וועג פון זוכן און געפינען זיין אייגענעם איך, זיינע אייגנאַרטיקע אויסדרוקן און גע־געבן דעם שטויס צו ווייטערדיקע זוכענישן.

זיין בילדער־אויסשטעלונג איז אַ גוטע אילוסטראַציע צו דעם. נאָך צען יאָר אַרבעט און זוכן, איז דער קינסטלער געקומען צו אַ געוויסן ווענד־פונקט, וואָס וועט זיכער שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין זיין ווייטערדיקן שאַפן. אין די 82 אַרבעטן, וואָס זענען אויס־געשטעלט געוואָרן, האָט דער קינסטלער אַנטפּלעקט זיינע אייגנ־שאַפטן אויף פאַרשידענע אַרטן: דעקאָראַציעס, אייל־מאָלערייען און גראַפישע צייכענונגען, אומעטום איז ער דער עקשנותדיקער זוכער, וואָס זוכט דעם אויסדרוק, די קאָמבינאַציע פון פאַרבן, בולטקייט פון קאָלאָריט. אין דער אומרויִקייט, אין די אומעטיקע טענער פון זיינע פאַרבן וויל מען זען דאָס אייגנאַרטיקע יידישע פון מיכאַל יאָ. מ'האָט אים דעריבער דעקלאַרירט פאַר אַ יידיש נאַציאָנאַלן מאָלער, באַזונדערס — די לעטישע קריטיק.

נאַטירלעך, פליסט אין יעדן קינסטלערס אָדערן דאָס בלוט פון זיין ראַסע, וואָס מוז באַקומען זיין אויסדרוק אין זיינע שאַפונ־גען, אָבער ס'איז שווער צו זאָגן, אַז אויב יאָ וואָלט נישט געגעבן די ריין־טעמאַטישע יידישע ווערק („צו כל־נדרי", „די טרעגער", „די מאַרק־הענדלערין", „ווילנער געטאָ" און „לאָדזשער באַלוט").

צי וואָלט אויך דעמאָלט די קריטיק באַהויפּטעט, אַז יאָ איז דער יידיש-נאַציאָנאַלער קינסטלער? יאָ אַליין, דאַכט זיך, צווייפלט אַ ביסל אין דעם. ער אָנערקענט בכלל נישט קיין נאַציאָנאַלע יידישע קונסט. אומרויִקייט און זוכן איז נישט נאָר אַ מידה און אַ באַווייז פאַר אַ יידישן קינסטלער. מיר דאַכט זיך, אַז דאָס ספּעציפיש-יידישע ביי יאָ דאַרף מען גאָר זוכן אין דעם גריבלענדיקן, אין דער שווערער שטימונגס-אַטמאָספערע, וואָס אייניקע פון זיינע ווערק הויכן אָן אויף אונז, אין דער געדיכטקייט פון טענער און ליניעס, ווו עס פעלט אָפּטמאָל אויס לופט אויף צו אָטעמען און ס'קומט אויס, ווי עמעצער וואָלט אויף אונז פּרעסן מיט אַ בלייערנער שווערקייט. אָט-די שווערמוטיקע אומעטיקייט, וואָס ליגט אין יאָס אונטערבאַוווּסטזיין און דריקט זיך אויס אָפּטמאָל אין גרעלע מאוימדיקע טענער, איז אפשר אַ פּועל-יוצא פון דער האַרבער קינדהייט און שווערן לעבן אין דער יוגנט און דערצו נאָך די איבערגעלעבטע גרוילן פון דער מלחמה. דאָס האָט זיכער פאַראומערט די נשמה פונעם קינסטלער און אַריינגעטריפט טראָפּנס גיפט אפילו אין זיינע ליכטיקערע ווערק.

1930

# איציק מאַנגער

ווער איז ער, אָט דער הויכער, שלאַנקער יונג מיט די ברענענדיקע טיפע אויגן, דעם אויסגעמאָגערטן פּנים און צעשויבערטע האָר? ער שפּאַנט אַרום איבער דעם וועלט און פירט מיט זיך זיין אומרו, ווי „דער ציגיינער דעם בער”, אָדער דער אומרו שלעפּט אים מיט זיך. ער באַווייזט זיך דאָ און דאָרט און רודערט אויף דאָס געמויזעכץ. מען האָט אים ליב און מען האָט פאַר אים מורא: ווייל — אַ קשיא אויף אַ מעשה — וואָס דער יונג קאָן אָפּטון און וואָס פאַר אַ שפּיצל ער קאָן אַרויסוואַרפן. מען איז מיט אים קיינמאָל נישט זיכער און מען ווייסט נישט ווען ער האָט ליב און ווען ער אַכט. קיין דרך-ארץ, דאַכט זיך, האָט ער פאַר קיינעם נישט.

שטאַמט ער פון רומעניען, פון דער שטאָט יאַסי, אָט פון דאָרטן, ווו ס'איז געשטאַנען דאָס וויגעלע פונם יידישן טעאַטער, דאָס גאָלדענע וויגעלע, אונטער וועלכן ס'האָט זיך געפונען אַ ווייס ציגעלע, ראָזשינקעס מיט מאַנדלען... דאָרטן, ווו מ'קאָן נאָך היינט פאַר שפּאָט-ביליק באַקומען צו טרינקען אַ האַלבן ליטער גוטן ווין און צו פאַרבייסן אַ מישטש (פלייש געבראָטן אויף קוילן) און זיך קוויקן מיט אַ רומענישן אָדער אַ וואָלעכישן פאָלקסניגון, וואָס צוזאַמען מיטן שטאַרקן ווין טוט עס אַ ברען אַזש אין דער זיבעטער ריפּ...

פון ווין און געזאַנג פולסירט דאָס בלוט אין אַ גיכערן טעמפּ. אומרויִק בלוט, וואָס טרייבט צו וואַנדער און וואָגל. און אומרויִק בלוט איז טעאַטער, דאָס שטרעבן צו פאַרוואַנדלונגען, צום שפּיל, צום וואַנדערן.

אָט אין דעם ליגט אפשר דער סוד פון איציק מאַנגער,

דעם מענטש מיטן אומרויִקן בלוט. ער איז דורכאויס טעאַטראַליש. נישט אומזיסט פאַרגעטערט ער אַזוי שטאַרק אונזערע ערשטע טעאַטראַלן — אברהם גאָלדפאַדען און וועלוול זבאַראַזשער, באַזונדערס דעם געניאַלן אימפּראָוויזאַטאָר. אימפּראָוויזירנדיק האָט ער געשאַפן דאָס יידישע טעאַטער, אָנהייבנדיק פון זיינע מעלאָדראַמעס, לידלעך, קופּלעטן, ניגונים, מעלאָדיעס און אפילו די ערשטע טרופּעס.

אויך מאַנגער איז אַן אימפּראָוויזאַטאָר. נישט נאָר אין זיינע אומפאַרגלייכלעכע באַלאַדעס און לירישע לידער, נאָר אויך אין זיינע בליצאַרטיקע פּאָרטרעטן און אפילו — אין לעבן. ער איז דער מייסטער-אַקטיאָר, וואָס הייבט אָן זיין שפּיל מיט זונען-אויפגאַנג און טויזנטער מאַסקעס פון וואָרט און טאָן, גאַנג און באַוועגונג. זיין ריטמיק איז קאַפּריז, ער אַליין איז פּרינציפּלאָז, פּאַסט זיך נישט אַריין אין קיין שום ראַם און איינפאַסונג. ער שפּרייזט איבער דער וועלט און אימפּראָוויזירט זיין שפּיל, וועלכער הייבט זיך תמיד אָן פונדאַסניי. עס ווילט זיך אָפטמאָל רופן צו אים: „בראַוואָ, מאַנגער!” און עס ווילט זיך אים אויספייפן, באַווארפן מיט פוילע עפּל און אויסרופן „פפוי!”

אויב די יידישע פּראָזע-ליטעראַטור ציט איר ליניע מענדעלע, שלום-עליכם, פּרץ און אַזוי ווייטער, איז די ליניע, וואָס ציט צו מאַנגערן: גאָלדפאַדען, זבאַראַזשער, אליקום צונזער (טעאַטראַלן-אימפּראָוויזאַטאָרן, ווייל דער בדחן איז געווען דער אמתער טעאַטראַל) און אַנדערע, הגם מאַנגער האָט דערגרייכט צו מער קינסטלערישע הויכן.

ס'בעט זיך איבערפראַזירן דאָס באַקאַנטע ווערטל: „אַ קריטיקער איז אַ נישט-איינגעגעבענער שרייבער און אַ רעצענזענט — אַ נישט-געלונגענער אַקטיאָר”. ווילט זיך רעצענזירן דעם מאַעסטראָ, די טראַגעדיע און קאָמעדיע, אָפּערעטע און מעלאָדראַמע „מאַנגער”. רעצענזירן און קריטיקירן, אָנווייזן ווו די שפּיל איז געווען גוט און ווו עס האָט געטויגט אויף כפּרות, ווו זענען די מעלות און ווו די חסרונות. אָבער די פּעדער, אָט דאָס שטאָלענע שלאַנ-

גישע גיפט־צינגל, וואָס טוט אָן ווייטיקן, אפילו ווען עס איז אין האָניק איינגעטונקט, — ווערט טעמפּ, ווען זי שלאָגט זיך אָן אין דעם פעלזיקן, נאָכמער שפּיציקן און שאַרפן אימפּראָוויזאַטאָר, זי צעקלאַפּט זיך דאָס שפּיציקע נעזל און הייבט אָן צו שטומען, ווען ער וואַרפט אַרויס זיינע שטורעמדיקע כוואַליעס. גיי זיי אַ בריה און שטעך מיט דער פען אין ווינט! און מאַנגער איז גאָלער ווינט, שטורעם, ברויז. נישט אומזיסט באַגעגענען מיר אין דער גרעסטער טייל פון זיינע שירים דעם ווינט. שוין אינם ערשטן ליד פון זיינע „שטערן אויפן דאַך", „שטייען (די וואַנדערער) און מורמלען צום ריטם פון ווינט", („עפן ברייט די טויערן"), „דאָס שוואַרצע קלייד טוליעט זיך טרויעריק צום אָוונט־ווינט" („מיידל־פּאָרטרעט"), „געקומען איז ער אויסגעווייקט מיט נאַכט און ווינט" („דער פרעמדער"), „אין די האָר שמעקט אויך מיט ווינט" („דער זינגער"), „טרינקט אויס איר נשמה אין אַ מעלאָדיע, וואָס דער ווינט האָט פון ווייטן סטעפּ געבראַכט" („בעל־שם"). דאָס זענען בלויז פון די ערשטע לידער פונם 180־זייטנדיקן בוך „שטערן אויפן דאַך". זיין צווייט בוך טראָגט דעם אַלגעמיינעם נאָמען „לאַמטערנעס אין ווינט". אויך אין זיינע שפּעטערדיקע לידער קומט אָפט צום אויסדרוק דער ווינט. איז דאָך דאָס יידישע טעאַטער אויך אַ ווינט, וואָס בלאָזט דורך דער וועלט פון ברעג צו ברעג און איז ערגעץ נישט ממשותדיק.

און מאַנגערס מעשהלעך פון חומש, זענען זיי נישט העכסט־טעאַטראַליש, שפּיל? זענען דאָס נישט ווייטע אָפּקלאַנגען פון „מכירת־יוסף", „עקידת־יצחק" און אַנדערע היסטאָרישע אָפּערעטעס, אָבער פון אַ פיל העכערן, אָריגינעלן, גראָטעסק־קינסטלערישן פאַרנעם און שווונג?

און מאַנגערס פעפערדיק־בשמימדיקע „געציילטע ווערטער" (אַזאַ מין איינגנאַרטיקע צייטשריפט פון פיר קליינע זייטעלעך), זענען זיי נישט געווען טעאַטראַליש עפעקטפול? דאָרטן האָט מאַנגער זשאָנגלירט איינגנאַרטיק און בליציק מיט חלף־שאַרפע עפּיטעטן און פאַרגלייכונגען, אימפּראָוויזירט אַ־לאַ קאָמעדיע־דע־

ל'אַרטע. אַנדערע אַרטיקלען הייבן זיך אָן מיט „ס'הייבט זיך אויף דער פּאָרהאַנג" און לייענען זיך ווי אַ טעאַטער־שפּיל.

— „עס איז אַ שפּיל אַזאַ", — זאָגט ביי מאַנגערן איוואַן דער שכור, בעת ער בייט זיך מיט גאָט.

יאָ, ס'איז אַ שפּיל אַזאַ, וואָס שפּילט זיך אָפּ שוין פון דורות און צייטן, אפשר פון אייביק ביז אייביק. דער מענטש שפּילט, די נאַטור שפּילט, די וועלט שפּילט (פּערזאָן, דעקאָראַציע, רוים). „אַלץ זינגט, אַלץ זאָגט שירה", ווי ס'וואָלט זאָגן אַ „ריינער פּאָעט" (הגם ס'זענען פאַרשידן די געזאַנגען פונם קוילנמאַגנאַט און דעם קוילנגרעבער). נאָר וואָס גרעסער עס איז דער אַקטיאָר, אַלץ אָריגינעלער און שטאַרקער די שפּיל, און אַלץ פאַרכאַפּנדיקער, אינטערעסאַנטער, קנאַקעדיקער און לעבעדיקער!



193

# נתן גרינבלאַט

(בלעטערנדיק זיין „במדרון")

שוין איבער אַ יאָר צייט, זינט עס איז דערשינען זיין זאַמ־לונג דערציילונגען „במדרון", נעם איך מיך שרייבן וועגן נתן גרינבלאַט און תמיד מוז איך אָוועקלייגן די פעדער. דאָס גייס־טיקע און ליטעראַרישע פּרצוף פון גרינבלאַטן ווערט פאַרכלייעט אין אַ שטראָם פון זכרונות און איבערלעבונגען, וואָס פלעכטן זיך און פלאָנטערן זיך צוזאַמען ווי אַ קנייליכל ביינוול, אין וועלכן מען קאָן נישט כאַפּן קיין פאָדים־בריג, כדי עס פונאַנדערצו־וויקלען.

פאַר די סך יאָרן, זינט איך האָב זיך דאָס ערשטע מאָל באַ־געגנט מיט גרינבלאַטן אין ווילנע און שפּעטער אין אָדעס און נאָך שפּעטער אין קאָוונע, זענען מיר זיך תמיד פונאַנדערגעגאַנגען אין מיינונגען, איבערצייגונגען און אפילו שטימונגען. אין דער בעסטער און לענגסטער צייט פון חברשאַפט אין אָדעס, ווו עס זענען געווען געגנוג אינטערעסאַנטע און מערקווירדיקע פערזאָנען, וואָס אין זייער סביבה האָבן מיר צוזאַמען זיך געפונען, איז גרינבלאַט געווען אַ מין אָריגינעלע פיגור. צווישן העברעאיסטן איז ער געווען דער פרעדיקער פאַר יידיש, צווישן ציוניסטן אַ הייסער סאָציאַליסט, צווישן יידישיסטן אַ קעמפער פאַר העברע־איש און צווישן סאָציאַליסטן אַ קאָכעדיקער נאַציאָנאַליסט. עפּעס האָבן אים נישט באַפרידיקט די אַלע ריכטונגען און שטרעמונגען און ער איז געווען אַ „ווילדער" אומפּאַרטייאישער, וואָס האָט אין אַלע קרייזן אַריינגעטראָגן זיינע ליידנשאַפטן. מען האָט אים באַטראַכט פאַר אַ מין „טשודאַק", מען האָט זיך אָבער צו אים צוגעהערט. ס'האָט זיך מאַנכעס מאָל אויסגעדאַכט, אַז אין עצם

איז ער ווייט פון די אַלע ענג־פּאַרטייאישע אָנשויאונגען, אַז אין אים איז פאַרהאַן אַ דראַנג, וואָס ברויזט אויף קעגן די אָנגענומענע מיינונגען און איבערצייגונגען. ס'האָט אפילו אויסגעזען, ווי ער וואָלט אויף צו להכעיס וועלן ווידערשפּרעכן זיינע מיטרעדער. עפּעס אַן אַנאַרכיסטישער אָדער האָט אין אים שטאַרק פּולסירט קעגן די אַלע אָנגענומענע דאָגמעס פון פּאַרטייען און ריכטונגען. ער האָט נישט געגלייבט אין קיין זאַך און דאָך געגלויבט אין אַלץ. ער האָט נישט געפונען אין זיך דעם צוזאַמענבונד אויף אויסצוגלייכן די גריבער און קנייטשן אין זיין באַוווסטזיין און דאָס האָט אים געטריבן צום אָפטן ווידערשפּרוכן זיך גופא.

זיין גאַנצער סקעפּסיס און ווידערגעפיל איז אָבער אָפּגעפאַלן, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן ליטעראַטור. דאָ זענען ביי אים נישט געווען קיין שום ספקות און ווידערשפּרוכן. אין דער ליטעראַטור איז ער געווען פאַרליבט ביז גאָר. און נישט נאָר אין דער ליטעראַטור: ער איז געווען פאַרליבט אין יעדן ליטעראַט, אָנהייבנדיק פון די אָנערקענטע גדולים ביזן ייִנגסטן אָנפאַנגער. אָט די דאָזיקע פאַרליבטקייט זיינע האָט אים פאַרוואַנדלט אין אַן אויסגעצייכנטן ביבליאָ־און־ביאָגראַף. ער איז באַהאַוונט אין יעדן ווינקעלע פון דער ייִדישער און העברעאישער ליטעראַטור, ווייסט וועגן יעדן איינציקן שרייבער, זיין ביאָגראַפיע און ביבליאָגראַפיע, דעם סדר־היוחסין פונם ליטעראַט, וואָס און ווען ער האָט געשריבן, ווען און ווו ער האָט זיך געדרוקט, מיט איין וואָרט — אַ לעקסיקאָגראַף שבעל־פּה.

און אַליין האָט ער געשריבן מיטן זעלביקן אייפער שירים און דערציילונגען, אַרטיקלען און נאָטיצן, קריטיק און רעצענזיעס, אַפילו לעבנס־בילדלעך און קאָרעספּאָנדענצן. די ליטעראַטור איז פאַר אים דער קוואַל און ציל פון לעבן.

גרינבלאַט האָט דורכגעמאַכט דעם וועג פון דער ישיבה צום סאָציאַליזם און צום מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם. געוויס האָט די ישיבה געלייגט אַ געוויסן שטעמפּל אויף זיין לעבן און אַרבעט. ער האָט אָבער גיך איינגעזאַפּט אין זיך די שטימונגען פון

דער גרויסער שטאָט און האָט זיך אַסימילירט אין זי. ווי אַ האַמ־
סון־טיפ האָט ער אָפט געבלאָנזשעט אין לעבן אַ ליידנדיקער און
נישט באַפרידיקטער. אָנשטאָט צו זיצן און זיך פאַרנעמען מיט
זיינע ליטעראַרישע ליבלינגס־אַרבעטן, איז אים אויסגעקומען
אַריינצוקלאַפן תורה און בילדונג אין די האַרבע מוחות פון זיינע
תלמידים.

דער אימרו האָט אים געטריבן אין דער ווייטער וועלט
אַריין. פון זיין ליטווישער געבורטס־שטאָט איז ער פאַרוואָגלט גע־
וואָרן אַזש צו די ברעגעס פונם שוואַרצן ים. ער איז אין דעם זי־
נען איינער פון די ליטוויש־יידישע ליטעראַרישע פּיאָנערן, וואָס
האָט מיט אַ צוויי צענדליק יאָר צוריק אַוועקגעוואַנדערט אין דעם
פאַרשידנפאַרביקן שיינעם אָדעס. אויף אָדעסער גאַסן און בולוואַרן
האָט ער, דער וווקסיקער און ברייטפּלייציקער ליטוואַק, זיך אַרומ־
געטראָגן מיט זיינע חלומות און שטימונגען. ער איז געווען אַ באַ־
שטענדיקער איינגייער ביי די גדולים פון דער יידישער און העב־
ברעאישער ליטעראַטור, האָט זיך געוואַרעמט אין זייער ליכט און
אָפּגערוט אין זייערע שאָטנס. און אַז דער אומרו איז געוואָרן צו־
פיל נאָגעדיק, האָט ער אין אַ שיינעם טאָג גענומען זיין פעקל און
זיך אַוועקגעלאָזט צוריק אין דער ווייטער ליטע. אויף די גאַסן
פון ווילנע און קאָוונע האָט ער אָן אָפּרו און דערלייכטערונג גע־
זוכט. אָבער נישט אויף לאַנג. אָדעס האָט כּסדר געמאַניעט מיט איר
באַזונדערן כּישוף, און מער פון אַלץ — מיט דער סביבה פון וויסנ־
שאַפטלער און שרייבער. גרינבלאַט איז געווען דער באַשטענדי־
קער וואַנדערער צווישן ליטע און דרום־רוסלאַנד, דאָס פאַרבינדנ־
דיקע רינגעלע צווישן דעם צניעותדיקן, מיושבדיקן און תלמידי־
חכמימדיקן ווילנע און דעם הפקרדיקן, לעבנסלוסטיקן און עמ־
הארצותדיקן אָדעס. ער האָט זיך אָבער אין אָדעס אויך געפונען
אויפן אָאַזיס פון תלמידי־חכמים און האָט אין דער סביבה פון גייס־
טיקייט געצויגן זיין יניקה.

נאָך אָדעס איז געקומען מאָסקווע. דער טעגלעכער „העם",
„שטיבל־פאַרלאַג". נאָכדעם — ווייסרוסלאַנד, וווּ ער האָט זיך ווי־

דער געוואָרפן אין דער פּאַרטיי־אַרבעט. און בעת ס׳האָט אָנגעהויבן צוריקצוגיין דער שטראָם פון די פּליטים, האָט ער זיך צוריק אומגעקערט צו זיין געבוירן־שטאָט, צו קאָוונע. אָט דאָ אין קאָוונע איז ער שוין אַ צענדליק יאָרן טעטיק אויפן געביט פון געזעלשאַפטלעכקייט און ליטעראַטור. דאָ האָט ער אַרום זיך קאָנצענטרירט די יונגע אויפגייענדיקע ליטעראַרישע משפחה, ווו ער איז אַן עלטערער ברודער און חבר. און דאָ האָט ער זיך גענומען פאַרווירקלעכן זיין אייביקן חלום פון סיסטעמאַטישער און גרינטלעכער בילדונג. דער אָנערקענטער ליטעראַט און געניטער לערער, וואָס האָט שוין אַריינגעשפּרייזט אויף אַ רעכט ביסל אין פערטן צענדליק לעבנס־יאָרן, זייענדיק שוין אַ פאַמיליען־פאָטער, האָט זיך מיט התמדה געזעצט אויף דער שול־באַנק, האָט אָנגעהויבן פונדאַסניי חזרן די לימודים און איינזאַפּן אין זיך בילדונג און אָט גאָר אינגיכן וועט ער אַרויסגיין באַקרוינט מיטן דאָקטאָר־טיטול. און דאָ אין קאָוונע האָט ער אַרויסגעלאָזט די ערשטע זאַמלונג פון זיינע דערציילונגען „במדרון״.

איך בלעטער דאָס בוך און פאַר די אויגן שטייען אויף אַ ריי לעבעדיקע, צאַפּלדיקע פּערזאָנען און פיגורן. דאַכט זיך, גוט באַקאַנטע, נאָענטע. ווייל גרינבלאַט האָט נישט ליב געהאַט אויסצוטראַכטן זיינע העלדן. ער נעמט זיי דירעקט פונם לעבן. ער כאַפּט אויף עטלעכע כאַראַקטער־שטריכן, אַ גרונט־טאָן און ער פאַרוויקלט זיי אין דער דערציילישער סיטואַציע. ער באַהויכט זיי מיט זיינע שטימונגען. יעדער איינער פון זיינע געשילדערטע טיפּן טראָגט אין זיך אַ טייל פונם מחבר. דעריבער בלייבט ער אַליין דאָס רוב נישט קיין זייטיקער אָביעקטיווער באַטראַכטער און צוזעער. ער נעמט כמעט אַן אַקטיוון אָנטייל אין זייערע האַנדלונגען, מחשבות און שטימונגען און טיילמאָל ווי בכיוון גיט ער אַ ריכטונג זייערע געדאַנקען און אַ ווענדונג זייערע מעשים. דאָס רוב קומט זיין העלד פון ערגעץ און גייט אַוועק ווייט אין דער וועלט אַריין. אויפן וועג, אין אַ מיטן, אָן אַן אָנהייב, אָן אַ סוף, אין אַן אכסניא, ווי אַן אורח צוגאַסט, אויף אַ ווײַלע — דאָרטן

---

באַגעגנט ער זיי, פּאַקט זיי אין עטלעכע שטריכן און לאָזט זיי אַוועק ווייטער מיט זייערע מטושטשע שטימונגען און איבערלע־בונגען. זיי זענען אַזעלכע סודותפולע, „קאָנספּיראַטיווע", בלאַני־זשער און וואַנדערער מיט נאָגנדיקע געפילן און אָנגעלאָדענע מיט שטענדיקער בענקעניש נאָך עפּעס, וואָס ווערט, דאַכט זיך, קיינמאָל נישט זיין...

נאָר וועגן זיין „במדרון" דאַרף געשריבן ווערן אויספירלעך און באַזונדער. איך האָב זיך מער אָפּגעשטעלט אויף דער פּער־זאָן פון נתן גרינבלאַט, מיט וועלכן עס זענען פאַרבונדן די בעסטע זכרונות פון אַ ריי יאָרן, וואָס מיר האָבן צוזאַמען פאַרבראַכט.

# מאַרק ראַזומני

מאַרק ראַזומני איז איינער פון די פּרוכטבאַרסטע און ענערגישסטע צווישן די יידישע שרייבער אין לעטלאַנד. אָנגעהויבן האָט ער אַלס מיטאַרבעטער אין דער ריגער טעגלעכער פּרעסע, אָבער גיך אַריבערגעשפּרייזט די פּרעסע-גרענעצן און גלייכצייטיק געשריבן דערציילונגען, פּיעסעס, רייזע-באַשרייבונגען און געמאַכט אַ ריי איבערזעצונגען.

מאַרק ראַזומני חלומט וועגן פאַרכּישופטע בת-מלכּות און שילדערט די רעזיגנאַציע פון אַנטוישטע, פיזיש און גייסטיק צעקריפּלטע קרעאַטורן. ער שוועבט אין הויכע זעפירן פון די בלויע, פאַרטראַכטע הימלען, בויט דאָרט אויס לופט-שלעסער, קרישטאָלענע פּאַלאַצן און טוּכט אויף אין ברודיקן שוים פון פאַרפעסטעטע הינטערגעסלעך. זיין פען איז עלאַסטיש און גליטשט זיך דורך און צווישן טיפע פּסיכאָלאָגישע תהומען, וועלכע ווערן קוים-קוים באַרירט אָדער איננאַצן אויסגעמיטן, ווייל ער איז מער דיכטער, דערציילער, לייכטער צייכענער. כ׳וואָלט אפילו געזאָגט: זאַמלער. ראַזומני זאַמלט צונויף זיינע קאָלעקציעס, ווי אַן אַנטיקוואַר זוכט ער אויס טשעקאַווע עקזעמפּליאַרן פון קליינע, צעבראָכענע, פאַרשטויסענע פיגורלעך, לאָמיר זאָגן, פאַרצעלייענע און דערציילט אונז מיט גרויס פּשטות די געשיכטע פון זייער געבענטשטער עקזיסטענץ, זייערע קליינינקע דאגות, שוואַכקייטן, פלאַכע פאַרפלאָנטערנישן און נישטיקע בענקענישן. פאַרהאַן צווישן זיי „שטאַרקע״ נאַטורן, שטאַרקע אין זייערע שוואַכקייטן, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען.

די טיפן, וואָס ער פירט אַרויס, ליידן תּמיד עפּעס אויף אַ קרענקלעכער מאַניע, אויף אַן אידעע-פיקס. ער גריבלט זיך אין

די פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פון די שוואַכע, אומנאָרמאַלע, פון גורל פאַרפאָלגטע, דערציילט; אונז אַ סך וועגן זייערע ליידן און ווייטיקן, דעקט אויף זייערע ווונדן. ער גיט אָבער נישט דעם שליסל צו זייער פּסיכיק. מיר ווייסן נישט די סיבות און דעם אויסגאַנגספּונקט פון זייערע איבערלעבונגען. ס׳איז געגליכן צו אַ זייגערמאַכער, וואָס נעמט פונאַנדער דעם מעכאַניזם פונם זייגער, נעמט אַרויס אַלע שרייפעלעך און רעדעלעך, אָבער מיטן צוריקצוזאַמענשטעלן איז שווערלעך. זיינע שוואַכע, דערשלאָגענע טיפן דער וועקן אין אונז רחמנות, אָבער נישט קיין סימפּאַטיע. זיי ראַנגלען זיך אין צאַפּלעניש פאַר זייער עקזיסטענץ, פאַר זייערע קליינלעכע אינטערעסן, אָבער זענען נישט בכוח צו קעמפן, האָבן קיין מוט נישט אויף אַ קרעפטיקן ווידערשטאַנד, קיין ענערגיע אַרויסצורייסן דעם נצחון און זענען פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג. ס׳איז אַ מאַטעריאַל פאַר פּסיכאָאַנאַליטישע סטודיען פון גרויע, שוואַכזיניקע, ליידנדיקע און באַגרענעצטע נפשות.

ס׳וואָלט געווען שטאַרק אומעטיק, ווען ראַזומני וואָלט געבליבן שטיין ביי אָט די דערמאַנטע שילדערונגען, וואָס זענען געזאַמלט געוואָרן אין זיין בוך „מענטשן אין שטויב”. אָבער מאַרק ראַזומני האָט אַרויסגעלאָזט נאָך עטלעכע ביכער.

אין די ערשטע דערציילונגען זיינע (זאַמלונג „אַראַנעאַ די שפּין”) האָט מאַרק ראַזומני זיך אָפּגעגעבן מיט עקזאָטישער טעמאַטיק. ער האָט אויסגעפּאַנטאַזירט שטימונגספולע, לופטיקע און ראָמאַנטישע פּאַסירונגען מיט מזרחדיקע אַקצענטן און האָט זיך עלאַסטיש אויסגעדרייט פון שטרויכלונגען, אַזוי, אַז ס׳איז אָפט געווען אַ חידוש, פונוואַנען נעמט זיך צו אונזערס אַ מענטש אַזאַ חוש און נטיה צום ווייטן, פרעמדן, פאַנטאַסטיש-עקזאָטישן.

שפּעטער האָט ער אויפגעטויכט מיט שילדערונגען פונם סעקסועלן אָפּגרונט, וועלכע זענען, להיפּוך צו די אויבנדערמאַנטע, אָפט געווען פון נאַטוראַליסטישן כאַראַקטער און האָבן דעם שרייבער נישט ווייניק אומאָנגענעמלעכקייטן און פאַרדרוסן פאַרשאַפט.

דעם שפּיל צווישן ווירקלעכקייט און פאַנטאַזיע האָט ער גע-

געבן אין זיינע רייזע־בילדער פון נאָרוועגן און צפון־אַמעריקע, (אייגנטלעך ניו־יאָרק), ווו אויפן פאָן פון נאַטור־וווּנדער, אינם ערשטן, און טעכניק־וווּנדער, אינם צווייטן, האָט מאַרק ראַזומני געוועבט בילדער אין פּראָזע, וואָס איז שפּראַכלעך און בילדעריש בע־לעטריסטיש.

שוין איבער אַגדערהאַלבן צענדליק יאָר איז ראַזומני טעטיק אויפן ליטעראַרישן געביט, האָט שוין פאַרעפנטלעכט אַ זעקס ביכער, זיינע פּיעסן און אינסצעניזאַציעס זענען אויפגעפירט געוואָרן אין פאַרשידענע שטעט און לענדער.

III

אייזיק פעדער
יהודה טאָפּעל
יצחק פײַלעס
יצחק ליכטענשטיין
ישכר בער ריבאַק

# אייזיק פעדער

בעת מען קומט אַריין צו אייזיק פעדערן אין אַטעליע, דאַכט זיך אויס, אַז מען איז אַרייַנגעפאַלן אין אַן אַרכעאָלאָגישן מוזיי: זיין אַרבעטס-צימער און שלאָפצימער זענען איבערפולט מיט פאַרשידענע אַלטערטימלעכקייטן, פּרימיטיוון און אַנטיק-זאַכן, וואָס דער קינסטלער זאַמלט שוין פון לאַנגע יאָרן.

„איך גיי אַרום, — דערציילט פעדער, — איבער די מערק און קראָמען און נישטער אויס פאַרשידענע אַנטיק-זאַכן: בילדער פון אומבאַוווסטע מייסטערס, קאָנסטרוקציעס, לעמפלעך, וואַזעס, געווער, שטעקנס, ליולקעס. אַט אַלץ, וואָס איר זעט דאָ הענגען אַרום און אַרום אויף די ווענט, האָב איך זיך דערוואָרבן אין משך פון די 20 יאָר, וואָס איך וווין אין פּאַריז".

אייזיק פעדער הייבט זיך אויף, טראָגט צו אַ קאַראַפין גוטן ווייַן מיט צוויי בעכערס און, אָנגיסנדיק, דערציילט ער ווייטער:

„זומער-צייט לאָז איך זיך אַוועק איבער די דערפער פון דרום-פראַנקרייך און אויך דאָרטן נישטער איך אויס ביי די דאָרפישע איינוווינער פאַרשידענע זאַכן. זעט איר אָט דעם חפץ: דאָס איז אַ קאָנסטרוקציע פון אַן אַלטער האָלענדישער זעגל-שיף. כ׳האָב דאָס באַקומען אַ מתנה פון אַ פּראָווענצישן פויער. און די מאַדאָנע דאָרטן, אַ טיפּישע אַרבעט פון אַן אומבאַוווסטן דאָרפס-קינסטלער, האָב איך געקויפט אין אַ קראָם פון אַלטוואַרג. און אָט די מאַסקע פון אַן אינדישן הויפּטלינג האָב איך אָפּגעהאַנדלט ביי אַ מאַטראָס אין מאַרסעלער האַפן. ער האָט מיר געשווירן, אַז ער

האָט דאָס געבראַכט אַזש פון אינדיען. אויב איך גלייב אים נישט, בין איך אויך אַ "ייד", — פאַרענדיקט פעדער מיט אַ שמייכל.

מיר ליידיקן אויס די בעכערס, וועלכע ווערן תּיכּף ווידער אָנגעגאָסן און פעדער הייבט אָן צו באַווייזן זיינע אַרבעטן. קודם-כּל די גראַפישע. אָט איז אַ גראָבע בוך פונם באַוווּסטן פראַנצויזישן שרייבער פּיער באָנאַרדי „לע רעטור אַ יערוזאַלעם" (צוריק קיין ירושלים), צו וועלכן פעדער האָט געגעבן 73 גראַפישע צייכענונגען פון יידישע טיפּן אין פּאַלעסטינע. אין אַ צווייט בוך „טער ד'אַמור" (דאָס לאַנד פון ליבע) פון י. קעסעל זענען פאַרהאַן זיינע פּאַסטעל-צייכנונגען פון פּאַלעסטינע.

פעדער האָט אַ פּאָר מאָל באַזוכט פּאַלעסטינע און האָט דאָרטן געמאַכט אַ ריי סטודיען. ער איז ג' וועון אין די קאָלאָניעס, אין די שטעט און דערפער. האָט זיך אינטערעסירט מיט די תּימנער יידן, האָט פאַרפיקסירט אַ סך טיפּן זייערע. ער האָט אויך געצייכנט אַראַבער.

און נישט נאָר אין א"י איז פעדער געווען. ער האָט בכלל ליב אַרומצוווייזן. פון צייט-צו-צייט כאַפּט ער זיך אַריבער אין דעם פראַנצויזישן אַפריקע, אין אַלזשיר און מאַראָקאָ. דאָרטן לאָזט ער זיך אַוועק איבער די גאַסן, כאַפּט אויף סצענקעס, בילדער, טיפּן, און קומט נאָכדעם צוריק אָן אָפּגעפרישטער און באַרייכערטער מיט איינדרוקן און ער קאָן זיצן אַ לענגערע צייט אין פּאַריז און באַאַרבעטן זיינע עסקיזן.

אייזיק פעדער שטאַמט פון אַ האַלב-אַסימילירטער פאַמיליע אין אָדעס. אין די יאָרן 1905—6 איז ער געווען טעטיק אין אָדעסער „בונד". שפּעטער האָט ער צוליב דעם געמוזט אַנטלויפן פון אָדעס צוזאַמען מיט זיין ברודער. זיי זענען אָנגעקומען קיין פּאַריז. דאָ איז ער אָנגעקומען אין דער קונסט-אַקאַדעמיע. ער האָט געמאַכט אַ ריי אַרבעטן, וועלכע האָבן אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס אין די קינסטלערישע קרייזן. ער האָט מיטגעמאַכט אַ ריי

עטאַפּן אין זײַן קינסטלערישער אַנטװיקלונג. אַממערסטן האָט אויף אים געווירקט די פראַנצויזישע שולע, וועלכער ער איז עד־היום געבליבן געטריי. זיינע פאַרבן זענען ליכטיקע, העלע, לייכטע, זיין צייכענונג — אַ גראַציעזע. ער לאָזט זיך אָבער נישט אינגאַנצן פאַרפירן פונם קאָלאָריט, הגם ער גיט אים אָפּ אַ סך אויפמערק־זאַמקייט. ער פאַרטיפט זיך אין דער טעמע ווי אין דער קאָמ־פּאָזיציע. אין די גרונט־שטריכן פון זיינע אַרבעטן לאָזט זיך מערקן די אייגנשאַפט פונם יידישן מייסטער, הגם ער האָלט זיך כמעט אינגאַנצן פאַר אַ פראַנצויזישן מאָלער. זוניק, לייכט, בונט, זענען זיינע קאָלירן; רויט און העל־געל — זיינע ליב־לינגס־פאַרבן און זיינע בילדער זענען ליכטיק און לופטיק. ע[illegible] אָטעמט מיט רחבות, מיט אַרויסרייסן זיך, באַפרייען זיך פון די ענגע געטאָ־ווענט.

ער מאָלט דעם פראַנצויזישן פּייזאַזש, אין וועלכן ער אי[illegible] פאַרליבט. פראַנצויזישע טיפּן און בילדער. נאָר אָט מאַכט ער אַ אָפּנייגונג און שטעלט פאָר אַ סצענע פון יידן ביים כותל־מערבי. עס זענען אָבער נישט די פאַרצרהטע, פאַרקלאָגטע יידן, ווי מיר זען זיי געוויינלעך אין אַזעלכע בילדער. ביי אים זעט עס אויס אַז די אַלע יידן, וואָס האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט, זענען אייגנט לעך טוריסטן, וואָס פאַרבלאָנזשענדיק אַהערצו, האָבן זיי זין דאָ געשטעלט דאַווענען. אים זענען פרעמד די אומעטיקע טע־נער און ער טראָגט אומעטום אַריין אַ שטראָם ליכט, לופט או[illegible] באַוועגונג.

[illegible]ר מאָלט „שטילע נאַטור“ אין באַוועגלעכע טענער או[illegible] גליִענדיקע פאַרבן. נאָר אָט האָט איר אַ ריי טיפּן פון אַלזשיר[illegible] גאַסן־פרויען, אַראַבער מיט זייערע קעמלען אינם מדבר און דע[illegible] צו אַ זעלטן בילד פון אַ יידיש באַלעבאַטיש מיידל פון אַלזשי בכלל האָט ער אַ גרויסע נטיה צו עקזאָטישע געשטאַלטן, מ[illegible] עס זיין פון די אַראַבער־מדבריות, אָדער די אַפריקאַנישע ג[illegible] מאַרקן.

ער וויל זיך איינרעדן, אַז ער איז אַ פראַנצויזישער מאָלע

און שילדערט אַ רעליגיעזע פּראָצעסיע מיט פינסטערע מאָנאַכ· און ווילדע פאַנאַטיקער, מיט הייליקע בילדער — אַ טונקעלער שאָטן פון מיטלאַלטערלעכע צייטן — נאָר פאָרויס פאַר דער פּראָצעסיע גייט אין ווייסע ליכטיקע בגדים ער אַליין, אייזיק פעדער!... אַ מ·! סימבאָל פון אייביקן יידישן גייסט, וועלכן עס האָבן נישט פאַר טונקלט קיין שום מחבלים פונם מיטלאַלטער ביז דער לעצט· צייט... פעדער באַווייזט דאָסדאָזיקע בילד און וואַרפט צו מיט פילבאַדייטנדן שמייכל:

„איך, דער ייד, אייזיק פעדער, גיי פאָראויס פאַר דער ק· טולישער פּראָצעסיע"...

ביי דער גאַנצער ליכטיקייט און לוסטיקייט פון זיינ· פאַרבן זענען די פנימער פון זיינע פּאָרטרעטן פאַרטראַכטע ערנסטע, פאַרחלומטע, אַריינגעטון אין זיך און דעקן אויף אַ ב· זונדערע זייט פון פעדערס שאַפן. זיין יונגע אַראַבערין מי דער נאַרגילע („די פרוי פון בית-לחם") האָט אָפגעקויפ· דער לוקסעמבורגער מוזיי; זיין בילד „דער יונגער גיטאַרע-שפּי· לער" — אַ ייגל מיט פאַרטראַכטע יידישע אויגן — דער מוזיי גרענאָבל.

דער מענטש קומט ביי אים אַרויס אומעטום שטאָלץ, אויסגעגלייכט, אָן אַ סימן פון ליידן, און אפילו אויף די זונות פון אַלזשיר איז נישט צו מערקן קיין שטריכן פון באַזונדערע הפקרות. ער זעט אומעטום דעם מ ע נ ט ש אין זיינע פאַרשידענע שאַטירונגען.

אייזיק פעדער איז רייך און אַלזייטיק אין זיינע שאַפונגען. אין זיין אויטאָ-פּאָרטרעט שטעלט ער זיך פאָר מיט אַ פנים און פּאָזע פון אַ מעפיסטאָפעל, וואָס שפּילט אויף אַ מאַנ· דאָלינע, אויף דער פאָטאָגראַפיע — אַ יידישער יונגערמאַן אין זיי אַרבעטס-קיטל, מיט דער קינסטלער-יאַרמולקע אויפן קאָפּ, הגם מיט פאַרביסענע ליפּן...

וועגן פעדערן האָט אָנגעשריבן אַ מאָנאָגראַפיע אויף פראַנ· צויזיש מאָריס רענאַל. אַרויסגעגעבן האָט זי דער פאַרלאַג „וואַ·

לאַרי פּלאַסטיק" צוזאַמען מיט די מאָנאָגראַפיעס פון אַזעלכע גדולים אין דער מאָלערײַ, ווי קאָראָ, קורבע, מאנע, פּיקאַסאָ, בראַק, וואַן-גאָנג און אַנדערע. איצט קלויבט זיך אויך אַרויסצו-געבן זײַן מאָנאָגראַפיע אויף יידיש דער פאַרלאַג „לע טריאַנגל" אין פּאַריז, וואָס האָט שוין אַרויסגעגעבן אַ רײ מאָנאָגראַפיעס פון יידן-קינסטלער.

# יהודה טאָפּעל

טאָפּעל איז אין זיין מאָלעריי באַהערשט פון אַ מין אַסקעטיזם. ער איז לחלוטין נישט אָנגערירט געוואָרן פון דעם אַמעריקאַנער גרויסשטעטישן טומל, אויף אים האָבן קיין איינפלוס נישט געהאַט נישט די גיגאַנטישע „וואָלקנקראַצערס״ פון דער ריזן־שטאָט, נישט די מעכטיקע באַוועגונג פון די עלעקטרישע באַנען און אויטאָמאָבילן. נאָך לעבנדיק אין ניו־יאָרק, איז ער געווען פאַרטון אין די אינדיווידואַליסטישע שטימונגען פון אַן איינזאַמען דענקער, וועמען עס גייט נישט אָן דער הו־הא פון דער גאַס און פונם המון. זיין נשמה איז נישט מיטגעריסן געוואָרן מיטן שטראָם און זיין קינסטלערישער מהות האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין די שטילע פאַרבן, אויפן רויִקן בלויִלעכן הינטערגרונט פון זיינע לייוונטן. אויף זיינע אַרבעטן ליגט די האַרמאָנישע רויִקייט, די שטילקייט פון אַ פאַרבענקט האַרץ. זיינע פאַרבן און בילדער רייסן נישט די אויגן, זיי אָטעמען מיט באַשיידנקייט און צוריקגעצויגנקייט, פּונקט ווי זייער שעפער. ער איז אינגאַנצן פאַרויִקנדיק, סטאַטיש. ביי אים זענען די ביימער גלייכער, די פאַרבן בלאַסער, די טענער שטילער. ערגעץ־ווו ליגט באַהאַלטן אַ קרעכץ פון אַ פאַרוואָגלטער נשמה, ער ווערט אָבער ווי מיט אַ כיוון באַטויבט און באַהאַלטן וואָס ווייטער. ער רייסט נישט אויף זיינע ווונדן.

טאָפּעל איז אַ באַשיידענער מאָלער־דיכטער, ער רעדט וועגן זיך אַ ביסל פאַרשעמט, זיך רויטלענדיק, דערציילט פון זיך און זיין אַרבעט פשוט און נאַטירלעך, אָבער איר פילט, אַז אים איז שווער צו רעדן וועגן זיך. ער וויל מאַכן אַ פּאַראַלעל צווישן זיי־

נע אַרבעטן אין אַמעריקע און פראַנקרייך. ליידער האָט ער מיט זיך וויינִיק אַרבעטן פון אַמעריקע. און אַזוי ווי ער איז אין לעבן, אַזוי איז ער אויך אין זיינע מאָלערייען. אין זיין „נאַטור־מאָרט" איז ווי בפּיוון אויסגעמיידט די רויטע פאַרב, ווי בכלל די בונט־קייט און גרעלקייט.

דער קינסטלער זיצט אין זיין ווינקעלע און דיכטעט זיין פּאָעמע. ער שרייט נישט מיט קולות איבער דער וועלט און שטייט נישט ווי אַ פאַרליבטער ריטער אונטערן באַלקאָן פון זיין פאַרליבטער מיט דער גיטאַרע אין האַנט. ער באַהעפט זיך מיט דער נאַטור, שעפּט אַרויס פון איר די עלעגישע שטימונגען און דיכטעט עס אַרויף מיטן פּענזל אויף דער לייוונט.

„ער האָט ליב די שטאָט, ווייל ער האָט זי געזען און גע־לייטערט דורך זיין חוש" — שרייבט ערגעץ טאָפּעל וועגן אַ צווייטן קינסטלער. מען קאָן אָבער דאָס זאָגן בנוגע דער נאַטור. דווקא אין אַמעריקע, אין ניו־יאָרק, איז טאָפּעל אַוועקגעגאַנגען פונם טומל, רעש, האָט זיך געזוכט צו באַפרייען פון דער דריקנדיקער, גרויסשטעטישער ממשותדיקייט, שטיינערדיקייט און געלקייט ערגעץ אויף דער שויס פון דער נאַטור.

טאָפּעל איז נישט דער מאָלער פון פאַרן שטורם, און אויך נישט פונם שטורם גופא. ער איז די רויִקייט און לויטערקייט, וואָס נאָכן שטורם. ער איז נישט קיין קאָנטראַסטן־מאָלער, ביי אים זע־נען נישטאָ קיין סאָציאַלע מאָטיוון, ער ליידט אפשר אין אַ גע־וויסן מאַנגל פון פאַרנעם, פאַנטאַזיע. זיינע פאַרבן שטייגן אָבער אַרויס פון א י ם, זיינע טענער גייען אַריבער בהדרגה איינער אינעם צווייטן מיט אַ בולטער לאָגיק.

„דער מאָלער פון היינט מאָלט מערסטנטיילס פון דער נאַ־טור דירעקט, אפילו מיט אַלע צופעליקייטן. ער וויל מאַכן שפּירן דעם לעבעדיקן ריח. ער וויל געבן אין דער האַנט אַריין דעם גוף פון דער וועלט: אייזן, פליייש, סאַמעט, וואַסער אָדער שטיין". אַזוי שרייבט ערגעץ טאָפּעל, אָבער ער אַליין האָט זיך אויסגעע־קליבן די עלעמענטן פון דער נאַטור — דאָס ברייטע פעלד, דאָס

גרינע גראָז, דאָס מענטשלעכע פּנים, וואָס אינטערעסירט אים, און דאָרטן פאַרקערפּערט ער אין ליניע און פאַרב זיינע שטימונ־גען און איבערלעבונגען. ער איז אַנטלאָפן פון שטאָט, פון דער זיך אייביק־באַוועגנדיקער מענטשן־מאַזע, האָט זיך פאַרקליבן ערגעץ אין אַ ווינקל פון דער וועלט און זינגט אין דער שטיל זיין ליד פון רו, פון בענקשאַפט, פון בין־השמשות־אומעט און שטילקייט.

---

דער נאָמען יהודה טאָפּעל איז מיר שוין לאַנג באַקאַנט. נאָך אין די יאָרן פון פאַר דער מלחמה האָט מען באַגעגנט זיי־נע צייכנונגען און פּראָדוקציעס אין די „שריפטן", וואָס די דע־מאָלטיקע „יונגע" (איגנאַטאָוו, אָפּאַטאָשו, מאָני לייב, זישע לאַנדאָ א. אַ.) האָבן אַרויסגעגעבן. עס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן זיין אייגנאַרטיקע גראַפיק, וואָס איז אַ ביסל פּרימי־טיוו — אַ מין קאַפּריזנער פּלאָנטער פון פעדער־צייכנונגען, ליידט פון אַ געוויסער צעשוואומענקייט, אָבער דאָס איז אייגנטלעך די אָריגינעלקייט פון זיין גראַפיק, וואָס אין דער מאַסע געדרייטע שטריכן ווערן אַרויסגעפירט פיגורן און זאַכן. נישטאָ די אויסגע־שפּראָכענע גראַוווירטע ליניע, קיין גלייכער אָדער געבראָכענער פעדער־שטריך, קיין שאַרפער קאַנט און ווינקל. אויפן ערשטן אויגנ־בליק דאַכט זיך אויס, אַז אַ קאַפּריזנע קינד האָט געפירט מיט אַ פעדער אויפן פּאַפּיר און צופעליק האָבן זיך אינם געפּלאָנטער באַ־קומען פיגורן און צייכנונגען.

פון צייט־צו־צייט האָט מען אויך באַגעגנט אין יידישע זשורנאַלן און זאַמלביכער פון אַמעריקע זיינס אַן עסיי וועגן קינסט־לער, אַן אָפּהאַנדלונג וועגן פּראָבלעמען און פראַגן, וואָס האָבן אַ שייכות צו ־ונסט.

מיר זענען געוווינט צו קוקן אויף אַמעריקאַנער קינסטלער מיט אַ געוויסן פאָראורטייל. עס איז שוין אַ מין אַקסיאָמע, אַז קונסט דאַרף אייראָפּע ליפערן פאַר אַמעריקע, אַז אַמעריקע גופא

מיט איר „טיים איס מאָני״ (צייט איז געלט) האָט קיין צייט נישט פאַר אַזאַ איידעלן ענין, ווי קונסט. מיר זענען אין דער מיינונג, אַז די אַמעריקאַנער זענען גרויסע מייסטערס אין טעכניק, אין אויפבויען „וואָלקנקראַצערס״, אין מאַכן פּראַקטישע דערפינדונגען, ווונדערבאַרע מאַשינען און אַזוי ווייטער, אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו דער מייסטערשאַפט פון מאַכן „דאָלאַרן״, אָבער וואָס שייך קונסט — לאָזט אונז! און בכלל, דעם אמת געזאָגט, זענען מיר געווען און זענען נאָך טיילווייז איצט ביי דער מיינונג, אַז אַמעריקע קאָן נאָר בלאָפן (כאָטש מיר האָבן זיך שוין אַ סך מאָל איבערצייגט, אַז ס׳איז נישט אַזוי) און די אמתע שעפערס פון קונסט, די אמתע מבינים זענען די אייראָפּעער. אָט די גרינגשעצונג בנוגע צו אַמעריקע האָט זיך איינגעוואָרצלט אין אונז. מיר האָבן דעריבער קיינמאָל נישט געקאָנט זיין אינגאַנצן אָביעקטיוו אין אונזערע מיינונגען וועגן אַמעריקע און די אַמעריקאַנער. עס וועט נאָך מסתמא לאַנג דויערן, ביז מיר וועלן זיך באַפרייען פון אָט די פּאָראורטיילן.

און אויב יאָ קונסט פון אַמעריקע, דאַרף דאָס זיין מיט אַ געוויסן וווּלגאַרן נאָך־טעם, דאַרף דאָס אויסדריקן דעם משונהדיקן געפּילדער און שוווּנג פון דעם דאָלאַר־לאַנד. דערפאַר איז פאַר אונז ממש אַ ווונדער, וואָס אַ קינסטלער, וועלכער האָט זיין גאַנץ לעבן פאַרבראַכט אין אַמעריקע, זיך דאָרטן געהאָדעוועט און אויסגעוואַקסן, איז דווקא דאָרט האָט ער זיך אָנגענומען מיט שטימונגען און טענער פון רו און שטילקייט.

יהודה טאָפּעל איז געבוירן געוואָרן אין אַ קליין שטעטל אין פּוילן. קיין אַמעריקע איז ער געקומען, ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין יינגל. זיין פאָטער איז געווען אַ זון פון אַ ניקאָלאַיעווסקן סאָלדאַט און אַן אייניקל פון אַ העברעאישן שרייבער, וואָס האָט צוליב רדיפות געענדערט זיין נאָמען פון מינץ אויף טאָפּעל. יהודה טאָפּעל האָט אין אַמעריקע שטודירט און זייער פרי זיך גענומען צו מאָלעריי. זיינע קרובים האָבן נישט געהאַלטן פון זיין „משוגעת״ און קאָנען נאָך כמעט ביז איצט נישט שלום מאַכן

מיטן געדאַנק, אַז ער איז אַ מאָלער. פינפאונצוואַנציק יאָר איז טאָפּעל אָפּגעוועזן אין אַמעריקע און מיט איבער אַ יאָר צייט צו־ריק איז ער געקומען קיין פּאַריז צוזאַמען מיט זיין נאָענטסטן חבר, דעם קינסטלער אברהם גאָלדבערג. ביידע זענען זיי אַרומגעפאָרן אין דער פראַנצויזישער פּראָווינץ. האָבן שטודירט דעם פראַנצוי־זישן פּייזאַזש און געמאַכט אַ ריי אַרבעטן, וועלכע זיי גרייטן זיך אין אַ געוויסער צייט אַרום אויסצושטעלן.

# יצחק פיילעס

אויף דער אויסשטעלונג פון יידישע קינסטלער אין קיעוו אין יאָר 1920 האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן די מעכטיקע סקולפטורן פון יונגן קינסטלער י צ ח ק פ יי ל ע ס, דאָס רוב דיקע ווייבער, וואָס זענען געוואָרן אַ שם דבר אין די ליטעראַרישע און קינסטלערישע קרייזן. פיילעס אַליין איז שוין דעמאָלט נישט געווען אין קיעוו.

נאָך מיט אַ צייט פריער האָבן מיר צוזאַמען מיט בעל־מחשבותן געמאַכט אַ באַזוך ביים קינסטלער אין דער היים, אויף דער בערגיקער לוטעראַנסקע גאַס. דורכגייענדיק דעם יוּוועליר־ווערקשטאַט פון זיין פאָטער, זענען מיר אַריין אין זייער דירה, וואָס האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ מוזיי פון פיילעסעס סקולפטורן. פיילעס אַליין איז נישט געווען אין דער היים, און זיין פאָטער האָט אונז אַרומגעפירט ווייזן זיין זונס אַרבעטן און געגעבן דערקלערונגען. פּאַראַלעל האָבן זיי געאַרבעט: אין איין צימער האָט דער אַלטער יוּוועליר געשמידט זילבערנע לעפל, גאָלדענע פינגערלעך, בראָשקעס און אַנדער איידל צירונג, און אין צווייטן צימער האָט דער יונגער זון אויסגעקלעפּט און אויסגעהאַמערט זיינע מאָנומענטאַלע הילצערנע און שטיינערנע פיגורן. עס איז געווען ווי אַ מין פאַרמעסטונג: פון איין זייט — פון טייערע מעטאַלן דין־געקינסטלטע חפצים צו באַצירן פינגער, העלזער, ברוסטן און טישן, און פון דער אַנדערער זייט — האַמעטנע, דיקלייביקע ווייבער־סקולפטורן פון האָלץ און שטיין פאַר מוזייען און סאַלאָנען. ליכטיקייט און איידלקייט,

מאָנומענטאַלקייט און שווערקייט, אַ מין פאַרטיילונג פון איב גאַבעס...

מיט אַ קרעכץ האָט אונז דעמאָלט דער פאָטער דער· ציילט, ווי אַזוי ער האָט געגעבן דעם זון זיין דערציִונג, אויס· בילדונג, אים געשיקט פאַר דער מלחמה קיין פאַריז. ער האָ פאַרענדיקט מיט אַ שווער געמיט, אַז דער יונג ווערט דאָ איצ פאַרפאַלן.

פיילעס איז אָבער נישט פון די, וואָס ווערן פאַרפאַלן. מי אָנקומען פון דעניקינס אַרמיי קיין קיעוו, סוף יאָר 1919, פאַ לאָזט ער קיעוו און מיט מסירת·נפש דערקלייבט ער זיך קי קרים, בכדי זיך צוריק אַרויסצורייסן אין דער ברייטער וועל נישט אַזוי לייכט איז אים דאָס אָבער אָנגעקומען. אָפּמוטשענדי זיך אין קרים אַ לענגערע צייט און איבערטוענדיק כלערלי עבודת·פרך (געווען אפילו אַ האָלצהעקער), רייסט ער זיך קי קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אויפן וועג דערוויסן זיך די ווייסגוואַרדייער אַז ער איז אַ ייד, און מען וויל אים אַריינוואַרפן אין ים. נאָ ער קויפט זיך אויס מיט אַ בריליאַנטן·פינגערל, וואָס זיין פאָטער האָט אים געהאַט מיטגעגעבן אויפן וועג. אויך אין קאָנסטאַנטי· נאָפּאָל גייט ער דורך אַלע שבעה מדורי גיהנום פון הונגער או נויט. ער פאַרלירט זיך אָבער נישט: פאַר אים שיינט ווי אַ ליכ טיקער שטערן זיין ציל — דערגרייכן פאַריז, ווו ער איז אָפּגע ווען אַ יאָר צייט פאַר דער מלחמה. ער קומט אָן אַלס הייצע אויף אַ שיף, וואָס גייט קיין מאַרסעל. אָן אַ סאַנטים אין קעשע נע גייט ער אַראָפּ אויפן מאַרסעלער ברעג. יידישע פּאַסאַזשיר האָבן אָבער אין אים דערקענט, אַז ער איז נישט קיין געבוירע נער הייצער און האָבן אים אַרויסגעהאָלפן מיט הוצאות·הדרך ב פאַריז.

מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן דערציילט פיילעס, ווי אַזו ער איז אין אַ זונטיק·טאָג, ווען אַלע גייען אַרום אויסגעפּוצט, גע פאָרן איבער פאַריזער גאַסן אין זיינע אין קוילן·און אַש·פאַרשמיר· טע בגדים. ביינאַכט איז ער אָנגעקומען אויפן מאָנפּאַרנאַס, ווו ע

האָט זיך באַגעגנט מיט אַלטע חברים-קינסטלער, וואָס האָבן אים געהאָלפן קומען צו זיך און אין צוויי וואָכן אַרום האָט ער אַרויס-געשטעלט אויף אַן אויסשטעלונג אַ „קעפּל”, וואָס איז פאַרקויפט געוואָרן און האָט אים אַרײַנגעבראַכט די ערשטע פינף הונדערט פראַנק.

נאָכדעם איז שוין אַלץ אַוועק כשורה. פּײלעס האָט זיך צו-ריקגענומען צו זײַן באַליבטער אַרבעט, האָט אַרײַנגעבלאָזן אַ רוח-חיים אין האָלץ און שטיין. מוזייען האָבן געקויפט זײַנע ווערק, קונסט-קריטיקער און מבינים האָבן זיך מיט אים פאַראינטערעסירט, די צײַטונגען האָבן אָנגעהויבן צו שרײַבן וועגן אים און ער האָט באַקומען אַ נאָמען.

די לעצטע יאָרן איז פּײלעס אַריבער אויף מאָלערײַ און אויך דאָ האָט אים זײַן טאַלאַנט אַרויסגעטראָגן. זײַנע ליבלינגס-טעמעס זענען פּייזאַזשן און „נאַטור-מאָרטן”, אָפּטמאָל מאָל ער אויך פּאָרטרעטן. זײַן געניטע פעסטע האַנט אַרבעט מיטן פּענזל, פּונקט ווי זי האָט פריער געאַרבעט מיט דער דלאָטע. פון די גראָבע, ביוסטיקע פרויען-פיגורן, אויסגעפורעמט פונם טרוקענעם האָלץ און האַרטן שטיין, איז ער אַריבערגעגאַנגען צום צאַרטן פּענזל, צו די האַרמאָנישע קאָמפּאָזיציעס פון איידעלן קאָלאָריט, פאַרב און ליניע. עס האָט זיך ווי אָפּגעטון פון אים די מגושמדיקייט פון גראָב-געפאָרעמטע מאָנומענטאַלע פיגורן, און זײַן אָרט האָט פאַר-נומען דאָס וויברירנדיקע שפּיל פון ליכט און שאָטן, די דינע פאַרבן-טענער, וואָס אילוסטרירן פאַרן אויג דעם אַראָמאַט פון בלומען, רויזן און פרוכטן.

אויב די אַנדערע קינסטלער זענען פאַרליבט אין פּאַריז, איז פּײלעס פאַרליבט אין גאַנץ פראַנקרײַך, וועלכעס ער האָט געמאַכט פאַר זײַן צווייט פאָטערלאַנד. ער האָט זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן דער פראַנצויזישער שול. ער מאָלט כסדר די פראַנ-צויזישע נאַטור, פראַנצויזישע טיפּן. זומער-צײַט פאַרברענגט ער חדשים-לאַנג אין דאָרף, ווו ער אַרבעט אויף דער שויס פון דער נאַטור. ער שטרעבט נישט אין ערגעץ צו פאָרן, ער דאַרף קיין

זאַך נישט. ער באַנוגנט זיך מיט פראַנקרייך, מיט איר לעבן, איר קולטור, איר קונסט.

פײלעס האַלט די פראַנצויזישע קונסט אַלץ די פרייסטע און אומאָפּהעגגיקסטע. קונסט, לויט זיין מיינונג, איז אינטערנאַציאָנאַל און אַלמענטשלעך. אפשר װעלן ספּעציאַליסטן געפינען אין זיינע אַרבעטן, אין זיינע טענער און קאָלירן דאָס יידישע. פאַרן אויבערפלעכלעכן באַאָבאַכטער אַנטפּלעקט זיך לחלוטין נישט קיין שום יידישס אין זיין שאַפן, נישט אין זיינע טעמעס, נישט אין זיינע געשילדערטע טיפּן און, דאַכט זיך, אפילו נישט אין זיין פאַרבן-אויטוואַל. אפשר סיידן אין זיין פאַרטיפן דעם קאָלאָריט, אין זיין דעטאַליזירונג, אין זיין ערנסטן, אַריינגעטראַכטן צוגאַנג צו זיינע װערק, אין דעם אומרו פון די טענער – אין ריינעם טעכנישן זין װעט מען קאָנען געפינען דאָס אייגנאַרטיק-יידישע.

עס איז תמיד געװען אַ חידוש, װי אַזוי קומט פײלעס אין דער קינסטלער-סעקציע פון קיעװער קולטור-ליגע*), װוּ ער איז געװען אַ מיטגליד. דאָס קאָן זיך אפשר דערקלערן דערמיט, װאָס ער איז געװען פאַרבונדן מיט דער קיעװער גרופּע חברים און איז אויף אַזאַ אופן אַריינגעצויגן געװאָרן אין דער געזעלשאַפטלעך-אָרגאַניזירטער קולטור-אַרבעט. אַ חבר איז פײלעס תמיד געװען אַ גוטער, מחמת אים זענען פרעמד אַ סך שװאַכקייטן און קליינלעכקייטן. ער איז נישט פון די, װאָס קאָנען נישט פאַרטראָגן יענעמס דערפאָלג. ער האַלט נישט פון רכילות, באַרעדערייען און קיבעצערייען, װאָס זענען אַזוי פאַרשפּרייט אין די ליטעראַרישע און קינסטלערישע קרייזן. פײלעס איז אַ גוטער ברודער, און אַז חברים האָבן אין קיעװ געגרינדעט אַ גרופּע, איז ער נישט אָפּ-

*) די „קיעװער גרופּע" איז באַשטאַנען פון די קינסטלער י. ב. ריבאַק, ב. צראָנסאָן, דער יונג-פאַרשטאָרבענער יוסף עלמאַן, מ. עפּשטיין, מ. טישלער א. אַ.

געשטאַנען פֿון זיי, נאָר דאָס איז געווען לאַנג, מיט יאָרן צוריק, ווען פּיילעס איז אויסגעגאַנגען פֿון בענקשאַפֿט נאָך דער גרויסער וועלט, — ווען אים איז ענג געווען די שטאָט, ווו אין משך פֿון אַ פּאָר יאָר האָבן זיך געביטן אַן ערך אַכצן מאַכטן און וואָס אַרויספֿאָרן אַ פּאָר וויאָרסט פֿון דאָרט איז געווען אַ סכּנה. זיין טיפֿע בענקשאַפֿט האָט ער דעמאָלט אויסגעגאָסן אין די פֿון שטיין־אויסגעמייסטערטע שוואַרצע, עגיפּטישע פֿיגורן, וואָס האָבן אים פֿאַרטראָגן אין אַן אַנדערער וועלט אַריין, זיין גאַנצע אייזערנע ענערגיע האָט ער אַריינגעטון אין דידאָזיקע אַרבעטן.

אָן שום באַגאַזשן און פֿריי איז ער צוריקגעקומען אין דער גרויסער וועלט־שטאָט אַריין און איצט קאָנט איר אים טרעפֿן אַרומשפּרייזן איבערן מאָנפּאַרנאַס, אָט דעם וווקסיקן יונג מיט די ברייטע פּלייצעס, נאַיוון פּנים און די קינדיש־לייכטנדיקע אויגן.

---

מיט אַ דריי יאָר צוריק, ווען איך האָב באַזוכט פּיילעסעס אַטעליע אין פּאַריז און האָב געזען דעם אַריבערגאַנג זיינעם פֿון דער אָנטאַפּנדיקער מאָנומענטאַלער האַמעטנעקייט פֿון סקולפּטור צו דער צאַרטער, פֿיינער, אָפּטישער לופֿטיקייט פֿון דער מאָלעריי, איז דאָס געווען פֿאַר מיר אַ גרויסע איבעראַשונג. ס׳האָט זיך עפּעס נישט געגלייבט, אַז דערדאָזיקער פֿעסטער, קרעפֿטיקער בחורעץ, פֿון וועלכן עס אָטעמט מיט געזונטקייט און ענערגיע, וועט בלייבן ביי דערדאָזיקער „איידעלער מלאכה”... אָבער אין לעצטן האַרבסט, ווען איך האָב אים באַזוכט צום צווייטן מאָל, איז ער שוין געווען אַריינגעטון אין דער מאָלעריי מיט לייב און לעבן. ער האָט זיך פֿאַרפֿעסטיקט מיט אַ גאַנצער ריי דערגרייכונגען אויף דעם געביט. ער האָט דעמאָנסטרירט מיט אַ מאַסע פּראַכטיקע ווערק.

פײלעס אַלײן איז נאָך טיפער געװען אַרײנגעטון אין זיך. זײנע געדיכטע האָר זענען שיטערער געװאָרן, באַזילבערט. ס׳איז שוין נישטאָ מער דער אַמאָליקער ליכטיקער, זאָרגלאָזער בליק. דאָס שװערע לעבן האָט אַ פאַרביטערטן טראָפּן אַרײנגעטריפט אין זײן כוס. אָבער זײנע מאָלערישע מאָטיװן האָבן זיך לחלוטין נישט פאַרענדערט. ער איז געבליבן געטרײ זײן איך, זײן קינסטלערישן אַני־מאַמין. אים איז פרעמד ספּעציפיש־יידיש גריבלען זיך, דאָס װײטערדיקע זוכן, װאַנדערן און בלאָנזשען אויף פאַרשידענע װעגן, גײן אויף אַ געװיסן װעג און זיך פאַרקערעװען, אַראָפּגײן פון אים און אָנהײבן פונדאָסנײ אַ נײעם דרך. ער גײט תמיד גראָד, אפילו גראָדליניק, פאַרעקשנט אויף זײן אײן מאָל אָנגעצײכנטן װעג.

פאַר אים איז די מאָלערײ נישט קײן פײנלעכע זוכעניש, נאָר אַ פרײדיקע שפּיל, אָן אימפּעטפולע, לײדנשאַפטלעכע פאַרליבטקײט אין ליכטיקע, לעבנספרײדיקע קאָלאָריטן. זײנע פאַרבן־טענער זענען תמיד פאַרפלײצט פון זון און ליכט. די אײנציקע ירושה פון זײן פאָטער (נישט פון אבות־אבותיו) איז דער אָפּגלאַנץ פון שימערנדיקע בריליאַנטן, דער רמזימדיקער אָפּשײן פון קאַנטיק־געשליפענעם גאָלד. זײן פּאָליטרע װײסט נישט פון קײן אומעט, פון גרויע טענער, פון טונקלקײט, פון כאַראַקטעריסטישע יידישע קרומע רוקנס און געדעמפטער אײנגעשרומפּנקײט. ער איז דער פרײער זינגער פון די פאַרבן־טענער, װאָס לעבן זיך אויס אין זײנע לעבנספולע קאָלאָריטן, װי דער פרײער װאַלד־פויגל אין זײן טרילערן אויף דער שויס פון דער נאַטור.

זײנע באַליבטע טעמעס זענען געבליבן פּײזאַזשן און נאַטור־מאָרטן, אין װעלכע ער הויכט אַרײן אַ שפע פון לעבנספרײד. ער קלויבט די עלעמענטן פאַר זײנע נאַטור־מאָרטן אויף אַן אײגנאַרטיקן אופן פון די פאַרביקסטע און שימערירנדיקע פרוכטן. דאָס רויטבעקלדיקע עפּעלע, דער בלוט־רויטער פּאָמידאָר, די צאַרט־גרינלעכע װײנטרויב און לעבעדיקע שימערנדיקע רויזן און בלומען.

ער איז אַ נאַטור-קינד, וואָס זיין אויג ווערט פאַרכלינישט פון דער פאַרביקייט, און זיין פענזל ווערט פאַרשיכורט פון דער נאַטור-פראַכט. נישטאָ קיין שאָטנס, נישטאָ קיין וואָלקנס. אויף אַלץ שיינט די זון פון ליכט-שפיל, איז אַ סימפאָניע פון אַ געזאַנג פונם לעבן פאַרן לעבן, פון שאַפונגס-פרייד און יום-טוב.

## יצחק ליכטענשטיין

אויפֿן מאָנפּאַרנאַס אין די קאַפֿעען, ווו עס קומט זיך צוזאַמען די באָהעמע, וועט איר אים תּמיד טרעפֿן. ער זיצט דאָרטן ביי אַ טישל, צוזאַמען מיט פריינט און באַקאַנטע. זיין הויכער שטערן אַ ביסל געקנייטשט, די אויגן פאַרטראַכטע, אָדער אַריינגעטראַכטע אין זיך. זיין באַשטענדיקער באַגלייטער, די ליולקע, גייט קיינמאָל נישט אַרויס פון צווישן די ציינער. זיין צייט צווישן דער פּאַריזער באָהעמע גייט אַוועק אין שטענדיקע געשפּרעכן, באַמערקונגען און טיילמאָל דיסקוסיעס. נאָר אַן אַנדערשמאָל וועט איר ליכטענשטיינען טרעפֿן אַ שווייגנדיקן, מיט בלאָנזשענדיקע בליקן, די אויגן נאָך טיפֿער אַריינגעטראַכט. דעמאָלט איז שווער אַרויסצובאַקומען פון אים אַ וואָרט. ליכטענשטיין איז נישט קיין בעל-גאווה, ער באַמיט זיך תּמיד צו זיין העפֿלעך מיט מענטשן. וועט ער אויסהערן אייערע רייד און וועט רויִק און געלאַסן ענטפֿערן און אַריינוואַרפֿן אַ וואָרט, אָבער אַריינציִען אים אין אַן אויספֿירלעכן געשפּרעך וועט זיך אייך שוין נישט איינגעבן.

מיר האָבן מיט ליכטענשטיינען אַרומגעבלאָנזשעט איבער פּאַריז, האָבן באַזוכט פֿאַרשידענע בילדער-גאַלעריעס און אָפט גערעדט איבער קינסטלער און ליטעראַטן. ליכטענשטיין אַליין שרייבט אַ סך וועגן קונסט און קינסטלער. פֿאַרן פֿאַרלאַג „לע טריאַנגל”, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן אַ ריי מאָנאָגראַפֿיעס פון יידישע קינסטלער, האָט ער געשריבן די מאָנאָגראַפֿיעס פון שאַגאַלן און הירשביינגען. זיין נאָמען באַגעגענען מיר אָפט אין די זשורנאַלן

„די צוקונפט", „ליטעראַרישע בלעטער" און אַנדערע. אַליין אַ קינסטלער, ווייסט ער תּמיד צו געפינען דעם נייטיקן טאָן אפילו אויף אָנצוווייזן געוויסע חסרונות ביי זיינע חברים, נישט אָנגרייפנדיק זייער אַמביציע און אייגנליבע. ער היט זיך אָבער פון צושאַרפע עפּיטעטן און זוכט תּמיד אַרויסצוטיילן דאָס גוטע און וויכטיקע און עס באַזונדערס צו באַטאָנען.

יצחק ליכטענשטיין האָט נישט איבעריק ליב צו רעדן וועגן זיך. מ'דאַרף אים כאַפּן אין אַ באַזונדערס-אויפגעלייגטער שטימונג, אין אַ געלונגענעם מאָמענט, כּדי אים אַריינצוציען אין אַן אינטים געשפּרעך און אַרויסבאַקומען ביי אים אויספירלעכע ידיעות וועגן זיין לעבן, זיין שאַפן, זיינע שטרעבונגען און חלומות.

אין אַ רעגנדיקן אָוונט זענען מיר צוזאַמען מיט ליכטענשטיינען און אַ פריינדין געזעסן אויפן מאָנפּאַרנאַס אין אַ ווינקל פון דער האַלב-ליידיקער קאַפע „דאָם". אין דער שטענדיק-רוישנדיקער קאַפע האָט געהערשט אַ בין-השמשות-שטימונג. עס זענען שוין געווען די לעצטע טעג פון מיין זיין אין פּאַריז. עס איז געווען זייער שווער צו פאַרלאָזן דידאָזיקע ווונדערבאַרע שטאָט, ווי עס איז שווער צו פאַרלאָזן אַ געליבטע. און אין פּאַריז זיך נישט פאַרליבן איז דאָך אוממעגלעך. עטלעכע טעג זענען שוין איבער פּאַריז געהאָנגען בלייערנע וואָלקנס, וואָס האָבן מער געדראָט איידער גערעגנט. דער אַספאַלט אָבער האָט כּסדר געגלאַנצט, — צווישן איין רעגן און אַ צווייטן האָט ער זיך נישט באַוויזן אויסצוטריקענען. אין אָוונט האָבן זיך אין אים אָפּגעשפּיגלט די פייערלעך פון די גאַז-לאַמטערנעס, וואָס האָבן צוגעגעבן אַ באַזונדערע מיסטישע שיין די אַלט-יונגע שטאָט. אָט אין אַזאַ אָוונט האָט זיך ליכטענשטיין געפילט עפּעס ווי פאַראיינזאַמט. מיר זענען לאַנג געזעסן צוזאַמען און אומבאַמערקט אָנגעהויבן זיך צו דערציילן פאַרשידענע זאַכן וועגן זיך. מיר האָבן זיך אַריינגעצויגן אין געשפּרעך, און פאַר מיר האָט זיך באַקומען אַ בילד פון ליכטענשטיינס אינטערעסאַנט, וואַנדערנדיק לעבן.

אין דעם שטעטל פלינסק, אין וואַרשעווער געגנט, איז ער געבוירן און זיך געהאָדעוועט ביז 7 יאָר, נאָכדעם זענען די על־טערן אריבערגעפאָרן קיין לאָדזש, ווו ער איז אָפּגעווען ביז 17 יאָר. אין 1906 איז ער אַוועק קיין קראָקע; דאָרטן געלערנט אין דער אַקאַדעמיע. אין 1908 — קיין עגיפּטן, נאָכדעם קיין ארץ־ישראל. נאָכדעם באַזוכט ער איטאַליע, ווין, ווידער קראָקע און אין יאָר 1910 איז ער צוריק אין פּוילן. ער פאָרט אַרום איבער די קליינע שטעטלעך און מאָלט דער עיקר לאַנדשאַפטן. שפּעטער קומט ער קיין מינכען און אין 1911 — קיין פּאַריז. ער נעמט אַן אָנטייל אין דער אויסשטעלונג פון דער רוסישער גרופּע, ווו עס זענען אויך געווען דער באַרימטער סקולפּטאָר נ. אַראָנסאָן און אַבל פּאַן. ער פאָרט צום צווייטן מאָל קיין פּאַלעסטינע. אין ירושלים ווערט ער דער ביבליאָטעקאַר פון „בצלאל", ווו ער בלייבט ביזן סוף 1912. אַנדערטהאַלבן יאָר וואַנדערט ער אַרום צוזאַמען מיטן שריפטשטעלער א. ראובני. פרילינג 1914 איז ער ווידער אין פּאַריז. נאָכדעם פאָרט ער קיין ניו־יאָרק. דאָרטן מאַכט ער צייכנונגען פאַר יידישע ביכער. ער איז איינער פון די ערשטע, וואָס מאַכן באַצירונגען און וויניעטקעס צו יידישע ביכער. ער צייכנט דעקלעך צו די ווערק פון איגנאַטאָוו, באַסינס אַנטאָלאָ־גיע, מנחם, נאַדירס „ווילדע רויזן".

יידיש האָט זיך ליכטענשטיין אויסגעלערנט אין ארץ־ישראל. ער האָט אָבער געשריבן מיט לאַטייניש אותיות. אין ניו־יאָרק האָט ער אין מלחמה־צייט אָנגעהויבן צו שרייבן אין „צוקונפט", „גלייכהייט" און „פאָרווערטס". ער אָרדנט איין אין ניו־יאָרק צוויי אויסשטעלונגען פון זיינע א"י־אַרבעטן.

בעת עס גרינדעט זיך דער יידישער לעגיאָן, איז ליכטענ־שטיין איינער פון די ערשטע, וואָס טרעט אַריין אַהינצו. צוויי יאָר איז ער אין לעגיאָן און גייט צוזאַמען מיט אים קיין קאַנאַדע, ענגלאַנד און א"י. אין יאָר 1920 ווערט ער דעמאָביליזירט און ווערט אָפּגעשיקט קיין לאָנדאָן. צו יענער צייט גיט אַרויס לעאָ

קעניג זיין זשורנאַל „רענעסאַנס". ער געפינט אין ליכטענשטיינען אַן איבערגעגעבענעם מיטאַרבעטער.

אין יאָר 1924 קומט ליכטענשטיין קיין פּוילן. ער אָרדנט איין אויסשטעלונגען פון זיינע אַרבעטן אין וואַרשע, לאָדזש און ווילנע. ער פאַרעפנטלעכט אויך זיינע מעמוארן פון יידישן לעגיאָן. דערנאָך ווידער לאָנדאָן, וואַרשע, פּאַריז א. אַ. וו.

אין זיינע מאָלערישע און גראַפישע אַרבעטן האָט ליכטענשטיין געשילדערט דעם ברויזנדיקן אומרו פון דער שטאָט, אירע הינטערגעסלעך, פאַבריק-קוימענס, אירע קעלערס מיט די טיפן פון דער אונטערוועלט; ער האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט אויף דער שטילקייט פון שטעטל און אידילישקייט פון דאָרף.

זיינע לאַנגע וואַנדערונגען, די לענדער און שטעט, האָבן זיך איינגעקריצט אין זיין שאַפונגס-פאַנטאַזיע און געפונען זייער אָפּבילדונג אין זיינע פענזל- און פעדער-אַרבעטן.

ער האָט דורכגעמאַכט אין זיין מאָלעריי אַן עפּאָכע פון העלע ליכטיקע גרונט-טענער און איז אַריבער אין פאַרשידענע קאָמפּאָזיציעס אויפן גרויען טיפן טאָן. אונטער דער ברענענדיקער זון פון מזרח האָט ער געמאָלן פיגורן פון מקובלים. באַזונדערס האָבן אויף אים געווירקט די האַמעטנע נעפלען, וואָס הענגען תמיד איבער לאָנדאָן, און דורך וועלכע עס רייסט זיך כסדר די זון.



יצחק ליכטענשטיין וואַנדערט אַראָפּ פון צייט־צו־צייט פון דער גרויסער וועלט אין זיין געבורטסלאַנד. ער קומט קיינמאָל נישט אַליין, נאָר מיט זיינע געטרייע באַגלייטער, זיינע לעצטע מאָלערייען, מיט וועלכע ער איז אויך איצט געקומען קיין וואַרשע.

ליכטענשטיין שטייט נישט אויף אַן אָרט. יעדעס מאָל קומט ער מיט עפּעס נייעס. דאַכט זיך, אַן אַנדערער ליכטענשטיין, און דאָך דער אייגענער. ער קוקט תמיד מיט דער געמיטלעכקייט, דער פּערזענלעכער און מאָלערישער. ער ברענגט מיט זיך דעם ריח פון גרויסער וועלט, די פרישקייט פון דער ווייט, דעם אייביקן דורשט און נייגיר.

אויך דאָס מאָל איז ליכטענשטיין געקומען מיט עטלעכע צענדליק מאָלערייען, וועלכע זענען עדות פון פיזישער און גייסטיקער וואַנדערונג, פון אויפנעמען השפעות, בלייבנדיק ביי די אינדיווידועלע גרונט־שטריכן, ביי ז י ך, ביי די אייגענע געמיטס־צושטאַנדן.

אין די עטלעכע צענדליק מאָלעריי־אַרבעטן האָט זיך ליכטענשטיין אַנטפּלעקט אין נייע קינסטלערישע גלגולים. דער אַמאָליקער, פריערדיקער ליכטענשטיין האָט געמאָלט דאָס אַלטע יידישע שטעטל, ירושלימער מקובלים, די אַסקעטן, וואָס זענען אינגאַנצן פאַרטון אין גייסטיקייט. און אויב ער האָט זיך גענומען צו מאָטיוון פון דער גרויסער שטאָט, האָט ער דאָס רוב געמאָלט רושטאָוואַניעס, נישט־פאַרטיקע געביידעס, קאָנסטרוקציעס האַלבקוביסטישע, ווו דאָס רוב האָבן דאָמינירט גרויע פאַרבן און האַלבטונקעלע טענער.

ליכטענשטיין איז דעמאָלט באַווירקט געווען פון זיינע וואַנדלונגען איבערן סודותפולן מזרח, אויך דאָס נעפּלדיקע לאָנדאָן האָט געלייגט זיין שטעמפּל אויף זיינע שאַפונגען. ער האָט

אָבער נישט אויסגעמיטן דעם גורל פון אַלע קינסטלער, וועלכע ווערן לסוף באַאיינפלוסט פון דעם לעבנסלוסטיקן און פילאָסאָפיקן פראַנקרייך, פון דעם ברויזיקן און לייכטזיניקן פּאַריז.

אַ סקאַלע ליכטיקע, פריידיקע פאַרבן שיינט אַראָפּ פון ליכטענשטיינס בילדער. דאָס אַמאָליקע גראָטעסק-אַרטיקע שטעטל איז פאַרביטן געוואָרן דורכן לעבעדיקן, פריי-באַוועגלעכן גרויסשטאָטבולוואַר. אַנשטאָט די ערנסטע, דראָענדיקע רושטאָוואַניעס און קאָנסטרוקטיווע געביידעס, זען מיר שווונגפולע פאַבריקס-געביידעס מיט פייערדיק-רויטע דעכער און הויכע שטאַרצנדיקע קוימענס; אויפן אָרט פון די אויסגעדאַרטע, אומעטיקע פנימער פון די מקובלים, טרעפן מיר דעם מאַטראָס, אַרבעטער און האַלב-וועלטמיידל פון דער וועלט-שטאָט.

דאָס כאַראַקטעריסטישסטע פאַר דער גרויסשטאָט איז דאָך די פּעריפעריע, וווּ ס׳קומט צום בולטסטן צום אויסדרוק די סאָציאַלע מכה. אין די הינטערגעסלעך, אין די קנייפּעס, שענקלעך און קאַפעען. ביי ליכטענשטיינען ווערן די אורבאַנישע מאָטיוון נישט אויסגעדריקט אין סאַלאָנען, זויבערע רויִקע גאַסן, פּאַלאַצן, אָדער אפילו האַנדלס-צענטרען. ער געפינט דאָס כאַראַקטעריסטישע פון דער גרויסשטאָט אין די ווינקעלעך, וווּ ס׳קאָכט זיך דאָס לעבן, וווּ ס׳ברויזט דאָס ביי זע בלוט פון מאַטראָסן, גאַסן-מיידלעך, אַפּאַשן און אַנדערע טיפּן פון דער האַלב-וועלט.

ווען מ׳זאָל די פאַבריקס-געביידעס אַנטקעגנשטעלן די פריערדיקע רושטאָוואַניעס, בלייבט צו מיינען, אַז ליכטענשטיין האָט די פאַבריק פריער געזען אין איר בליאונג, און איצט אין איר פאַרטיקן אויסזען. ער האָט קינסטלעריש איבערגעלעבט און מיטגעבויט די פאַבריק.

פאַראַן ביי אים אויך מאָלערישע, אידילישע ווינקעלעך, פּייזאַזשן, וואָס פאַרכאַפּן דאָס אויג מיטן קאָלאָריט, בוקעטן און שטיל-נאַטורן, אין וועלכע ס׳אָטעמט דער ליכטענשטיין פון פאַרשידענע עפּאָכעס.

ליכטענשטיין האָט באַזונדערס ליב אַריינצובריינגען אין זיי-

נע מאָלערייען מענטשן און באַשעפענישן, באַזונדערס הינטלעך, צו וועלכע ער פילט אַ באַזונדערע וואַרעמקייט.

כּדי נישט צו זיין צו מאָנאָטאָן, האָט ליכטענשטיין אויך אויסגעשטעלט עטלעכע בילדער פון זיינע פריערדיקע שאַפונגס־תקופות. ער מיינט דערמיט צוצוגעבן דעם מאָמענט פון קאָנטראַסט, אָדער ווי ער אַליין דריקט זיך אויס: „אַריינצולאָזן אַ קלין אין דער האַרמאָניע". קאָנטראַסטן שטרייכן זיך מער אונטער איינס דאָס אַנדערע און ברענגען דערמיט אַריין מער דינאַמישקייט אין דער אַלגעמיינער ראַם פון דער אויסשטעלונג.

# ישכר בער ריבאַק

אין זיין פריער יוגנט האָט ריבאַק זיך שוין פאַרטראַכט איבער דעם פּראָבלעם פון יידישער קונסט. ער איז געווען איינער פון די ווייניקע, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן אויף צו זוכן די אייגנטימלעכע יידישע ליניע, יידישע פאָרם, פאַרב, סטיל. אַרומפּאָרנידיק איבער אוקראַינער שטעט און שטעטלעך אין שליחות פון דער עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט (געגרינדעט דורך ש. אַנ-סקי אין פּעטערבורג), איז ריבאַק מיט אַ באַזונדערן אינטערעס אַריינגעדרונגען אין אַלע ספּעציפישע און כאַראַקטעריסטישע פאָרמען פון יידישער פּלאַסטיק, ווי שולן, בתי-מדרשים, בית-עולמס און אַנדערע ערטער, ווו עס געפינען זיך די אַטריבוטן פון יידישער פאָלקס-קולטור. אין די אַלע מנורהס, מזרחים, בשמים-בעכער, כתר-תורהס, ארון-קודש-שניצערייען, עמודים-באַפּוצונגען, מצבות-אויפשריפטן, פּרוכתן און מענטעלעך, האָט ער געזוכט דאָס אייגנאַרטיקע יידישע, דאָס אורשפּרינגלעך-קינסטלערישע, פרייע פון פרעמדער ווירקונג. ער האָט שטודירט דעם יידישן פּרימיטיוו, כדי צו געפינען דעם פאָדים, וואָס זאָל פאַרבינדן די גרויסע אינטואיטיווע קראַפט פון די אומבאַוווסטע פאָלקס-קינסטלער מיט דעם, וואָס רופט זיך מאָדערנע קונסט. ער איז געווען איינער פון די ווייניקע, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו רעדן און פּריידיקן יידישע קונסט, וואָס האָבן געפּרוווט אָפּגרענעצן זיך פון דער גרויסער פּלעיאַדע יידן-קינסטלער און געהאַט די דרייסטקייט צו וועלן אָרגאַניזירן דעם יידישן קינסטלער.

* *

*

ס'איז געווען די שטורעמדיקע צייט פון די יאָרן 1917–1919. אינעם גרויסן אומרו, וואָס האָט זיך געטראָגן איבער דער וועלט בכלל, רוסלאַנד בפרט און אוקראַינע בפרט ובפרט, האָט זיך אין קיעוו קאָנצענטרירט אַ גרויסע צאָל פון דער יידישער אינטעליגענץ. שרייבער, קינסטלער, לערער, פּאַרטיי-טוער, זשורנאַליסטן און אַקטיאָרן זענען געווען אַריינגעצויגן אין דער ברייטער געזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער טעטיקייט, וואָס איר צענטר איז געווען די נאָר-וואָס אָרגאַניזירטע „קולטור-ליגע". אין קיעוו זענען געווען די צענטראַל-קאָמיטעטן פון די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, עס זענען אַרויסגעגאַנגען גרויסע טעגלעכע צייטונגען, זשורנאַלן און זאַמלביכער, ס'האָט זיך געגרינדעט אַ יידישע טעאַטער-סטודיע, אַ ליטעראַריש-קינסטלערישער קלוב, אַ כאָר, אַ קונסט-אויסשטעלונג, אַ גרויסער ביכער-פאַרלאַג. די קולטור-אָרגאַניזאַציע האָט זיך פונאַנדערגעצווייגט מיט אַ סך אָפּטיילונגען אין דער פּראָווינץ און מיט אַלערליי סעקציעס אין קיעוו גופא. די ביישטע און אינטערעסאַנטסטע איז געווען די קינסטלער-סעקציע. דאָס איז געווען אַ גרופּע יונגע דרייסטע קינסטלער, וואָס זענען נישט געווען געבונדן מיט קיין שום אַלטוואַרג, נאָכשלעפּעניש, נאָר פריי, באַוועגלעך, מיט אַ סך פאַנטאַזיע, טעמפּעראַמענט און פרישקייט.

ריבאַק איז געווען אין צענטר פון דער סעקציע, ווי בכלל פונם יידישן קינסטלערישן לעבן אין קיעוו. ס'איז געווען די צייט פון געבן שער-בלעטלעך, אָרנאַמענטן און צייכנונגען פאַר יידישע ביכער. צוזאַמען מיט ליסיצקין, טשייקאָוון, אַראָנסאָנען און אַנדערע יונגע מאָלער האָט ריבאַק מיטגעהאָלפן דעמדאָזיקן, פאַר יידן גאַנץ נייעם, אויפטו צו אַנטוויקלען און פאַרפיינערן. זיינע גראַפישע אַרבעטן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיטן אַריינטראַכטן זיך,

דער עיקר מיט אומרויִקן זוכן און אַרויסרוקן דאָס אייגנאַרטיקע יידישע.

אין דעם זין איז ער געווען דער פּאַרעקשנטער קעמפער און פאַרטיידיקער פון דער יידישער ליניע. אין זיינע מאָלערייען איז ער באַאיינפלוסט געווען פון די מאָדערנסטע קינסטלער, האָט זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון די לינקסטע ריכטונגען אין דער מאָלעריי. ער האַט אָבער אומעטום געזוכט אַריינצוטראָגן און בולט אונטערצושטרייכן דאָס ספּעציפיש יידישע. זיינע וואָגלענישן איבער די יידישע שולן, בתי-מדרשים און בית-עולמס האָבן געפונען אָן אָפּקלאַנג אין זיינע אַרבעטן. ער האָט שטענדיק געזוכט צו אַקצענטירן די כאַראַקטעריסטיש-יידישע אַטלאַס-פאַרב. די בין-השמשות-מאָטיוון פונם בית-המדרש, פון דער יידישער גאַס זענען שטימונגספול אויסגעגאָסן געוואָרן אויף די פּנימער פון זייערע פאַרקרימטע און געבויגענע פיגורן.

ריבאַק איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט מיט באַגייסטערונג דערציילט וועגן מאַרק שאַגאַל, וועגן וועלכן מען האָט נאָך אין יענע קאַנטן ווייניק אָדער גאָרנישט געוווּסט.

זיין קינסטלערישע טעטיקייט האָט זיך פאַרשפּרייט אויף פאַרשידענע געביטן. ס'זענען דעמאָלט געמאַכט געוואָרן פּרוּוון אַרויסצוטראָגן די קונסט אויף דער גאַס פאַרן גרויסן עולם אין דער פאָרם פון אַ ברייט-אַנטוויקלטער פּלאַקאַטן-מאָלעריי אויף די פּלעצער אין טעג פון אויסערגעוויינלעכע געשעענישן אָדער יום-טובים.

פּונקט ווי די יום-טובים זענען געווען נייע, נאָך קיינמאָל נישט געפייערטע, אַזוי איז דידאָזיקע פּלאַקאַטן-מאָלעריי געווען אַ נייע אויף די ברייטע פּלעצער און לאַנגע גאַסן מיט פאַרביקע לענטעס באַפּוצט און מיט איבער נאַכט געבויטע עסטראַדעס, וואָס האָבן מיט זייער גראַנדיעזקייט געדאַרפט פאַרכאַפּן דאָס אויג פון די מאַסן. פונדאַנען איז דעם מאָלער אויסגעקומען זיך אַרי-

לסוף צוריקגעקערט אויפן וועג פון ממשותדיקייט, רעאַלט. ער האָט אָבער נישט אויפגעהערט צו זוכן און פאַרטיפן די יידישע ליניע, פאָרם, פאַרב און סטיל און האָט תמיד געהאַט אַ זין פאַר די אָרימע און פאַרשטויסענע, וועמען ער האָט געווידמעט די רייכע פאַרבן־גאַמע פון זיין פּאַליטרע.

# אינהאַלט:

## I



## II



## III